דוד קריוויצקי

# פון באַגין ביז פאַרנאַכט

## לידער און אימפּרעסיעס



אַרויסגעגעבן פון
דער ניו־יאָרקער צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג
פון די אַרבעטער־רינג שולן
ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1959

# אונדזער מתנה דוד קריוויצקין

## פון יאָסל מלאָטעק

מיר זיינען אַנומלט געזעסן אין דער ליטעראַרישער קאַפֿע אויף איסט־בראָדוויי און, ווי דער שטייגער איז, געשמועסט וועגן שרייבער, ביכער און די נייסטע שאַפֿונגען אין ליטעראַרישע אויסגאַבעס פֿון יידיש־לאַנד. מיט אונדז איז אויך געזעסן דוד קריוויצקי און, ווי תמיד, מער געשוויגן און געהערט, ווי גערעדט. פּלוצעם האָט קריוויצקי זיך אַ ווענד געטאָן צו איינעם פֿון די מיט־שמועסערס, מיט זיין כאַראַק־טעריסטישן אומעטיקן שמייכל:

— אויב איר ווילט אַן אָריגינעלע טעמע, וועגן וועלכער קיינעם וועט קיינמאָל ניט איינפֿאַלן צו שרייבן, האָב איך פֿאַר אייך אַ גוטע עצה: באַלד דערשיינט מיינס אַ בוך. איך פֿאַרזיכער אייך, אַז אויב איר וועט וועגן דעם שרייבן, וועט איר זיין דער איין־און־איינציקער...

איך האָב וועגן יענעם אומעטיקן שמייכל פֿון קריוויצקין ניט איין מאָל געטראַכט. און געטראַכט האָב איך וועגן אים תמיד מיט גרויס באַוואונדערונג. פֿאַרשוויגנקייט און אָפֿיציעלע ניט־אָנערקענונג האָט שוין ניט איין שרייבער — ביי יידן, ווי ביי די אומות־העולם — אָנגעפֿילט מיט גאַליקער פֿאַרביטערונג און אייביקן כעס. אָבער ניט קריוויצקין. ער איז תמיד פֿול מיט ליבשאַפֿט ניט נאָר צו דער יידישער ליטעראַטור, נאָר אויך צו אירע שאַפֿערס. ווי אַ געטרייען חסיד קענט איר אים זען אויף אַלע ליטעראַרישע יום־טובים און זיך מיטפֿרייען מיט דעם דערפֿאָלג און כבוד, וואָס עס ווערט צוגעטיילט צו אַנדערע. ביי ליטעראַרישע טישלעך, וואו ער זיצט אָפֿט מיט זיין שטילן שמייכל, וועט איר זעלטן ווען פֿון אים הערן אַ שלעכט וואָרט אויף אַ יידישן שרייבער. ווען ערגעץ־וואו, אין אַ צייטונג צי ליטעראַרישע אויסגאַבע, ווערט אָפּגעדרוקט אַ ליד, וואָס ער האַלט אַז עס איז זייער גוט, וועט ער אייך אָנזאָגן ניט צו פֿאַרפֿעלן עס צו לייענען. און קומט אַ יונגער יידישער שרייבער פֿון מדינת ישראל, איז קריוויצקי דער איינציקער, וואָס גייט אים באַגעגענען פֿינף פֿאַרטאָג אויפֿן לופֿט־פֿעלד.

פֿאַר דעם יונגן, 75־יאָריקן דוד קריוויצקי איז דאָס ניט שווער, ווייל פֿאַר אַ חסיד און אַ פֿאַרליבטן איז גאָרניט שווער. און קריוויצקיס אייביקע ליבע איז די יידישע ליטעראַטור און אירע שעפֿער.

אָט די פֿאַרליבטקייט קומט אויך צום אויסדרוק אין די „אימ־פּרעסיעס פֿון יידישע שרייבער" וואָס קומען אַריין אינעם צווייטן

טייל פון קריוויצקיס איצטיקן בוך. אפילו דאָרט וואו קריוויצקי דערלויבט זיך צו זאָגן אַ קריטיש וואָרט, כאַפּט ער זיך באַלד צוריק און ער נעמט זוכן אַ זכות.

פון וואַנען אָט די זעלטענע מעלה?

מיר דוכט זיך, אַז מיר האָבן דאָס צו פאַרדאַנקען קריוויצקיס עניוות, זיין ניט טראַכטן וועגן זיך, ווי ער זאָגט עס אין איינער פון זיינע אימפּרעסיעס, וועגן אַ טייל שרייבער וואָס מיינען אַז „מיט זיי הייבט זיך אָן די וועלט". ער האָט, דוכט מיר, תמיד געקוקט אויף זיך ווי אויף „בלויז אַ זעמדל אויפן ברעג ים, אויף וועלכן אַ זון־שטראַל האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און עס באַגילדט". און ער איז דאַנקבאַר פאַר אָט דער קליינער ווײַלע פרייד.

דאָס איז אַ מדרגה צו וועלכער ניט יעדער שרייבער קען זיך דערהויבן. און קריוויצקי האָט עס באַוויזן.

דער שרייבער פון די שורות האַלט עס פאַר איינער פון די גרעסטע מעלות ביי אַ שרייבער, צו קענען זיך זען אין דער גרויסער ראַם פון אַ ליטעראַטור און ניט מחוץ איר. אַ נאָרמאַלע ליטעראַטור פאַרמאָגט שרייבער פון פאַרשיידענע מדרגות און זיי אַלע צוזאַמען, ניט די עטלעכע אויסדערוויילטע און פון אַלעמען אָנערקענטע, באַשאַפן דאָס גאַנצע בילד פון דער ליטעראַטור. יעדער שרייבער האָט זיך זיין קרייז לייענער, וואָס זיי אַלע צוזאַמען שאַפן די געזונטע באַזע און פאַרבינדונג פונעם פאָלק מיט זיין ליטעראַטור.

עס איז אַ ביז גאָר דערפרייענדיקער פאַקט, אַז די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, באַזונדערס די פּאָעזיע, איז אין די לעצטע יאָרן אַ פלי געטאָן ממש צו אָדלער־הויכן. עס איז אָבער גלייכצייטיק אויך אַ פאַקט, אַז אַ גרויסער טייל לייענער קען צו אירע שאַפונגען נישט דערגרייכן. איך ווייס נישט צי עס איז פאַראַן נאָך אַ ליטעראַטור, וואו די מחיצה צווישן דער גרויסקייט אירער און דער אויפנעם־פעאיקייט פון דעם לייענער, זאָל זיין אַזוי ווייט, ווי זי איז אין די לעצטע יאָרן ביי אונדז, אין דער יידישער ליטעראַטור. עס זיינען געוויס פאַראַן אַ סך סיבות פאַר אַזאַ צושטאַנד און ניט דאָ איז דאָס אָרט וועגן דעם צו רעדן באריכות.

אַ נאָרמאַלע ליטעראַטור קען זיך אָבער ניט און טאָר זיך ניט, לויט אונדזער באַשיידענער מיינונג, באַנוגענען נאָר מיט אַ קרוין. אַ קרוין מוז האָבן אַ גוף און אַ קאָפּ אויף וואָס צו זיצן און שיינען.

דוד קריוויצקי האָט אַ גרויסן קרייז לייענער און פאַרערער. זיין ערשט בוך לידער איז אויספאַרקויפט געוואָרן ביז צו איין עקזעמפּלאַר.

טאָקע פֿאַרקויפֿט און ניט צעשיקט. זיינע פּאָעמעס און הומאָריסטישע לידער און פֿעליעטאָנען ווערן פֿאַרגעלייענט פֿון אַ צאָל באַוואוסטע שוישפּילער מיט גאָר גרויסן דערפֿאָלג. זיינע שפּאַסיקע לידער אַמאָל אין „קונדס״ און די לעצטע יאָרן אין „פֿאָרווערטס״ האָבן אים געשאַפֿן אַ גרויסע צאָל פֿאַרערער.

באַזונדערס באַליבט איז דוד קריוויצקי ביי די טוער פֿון די ניו־יאָרקער שולן פֿון אַרבעטער־רינג. ער איז איינער פֿון די געטרייסטע טוער אַרום די אַרבעטער־רינג־שולן. ניטאָ קיין שול אין ניו־יאָרק, וואו קריוויצקי זאָל ניט קומען כאָטש איין מאָל אין יאָר אין נאָמען פֿון דער צענטראַלער שול־פֿאַרוואַלטונג, וואו ער פֿאַרנעמט דעם אַמט פֿון פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר די לעצטע אַכט יאָר, און ברענגען אַ וואָרט פֿון דערמוטיקונג. ניטאָ קיין אַרבעט אַרום די שולן, וואָס זאָל פֿאַר קריוויצקין זיין צו שווער.

אויף אים גופֿא זיינען אָנגעמאָסטן זיינע ווערטער פֿון דעם ליד, וואָס ער האָט געווידמעט זיינע פֿריינד, די שול־טוערס:

אָ, מיר די עקשנים, וואָס קענען ניט רוען,
נאָר האַלטן די יידישע שולן אין בויען,
וואָס האָבן קיין צייט ניט צו עסן און שלאָפֿן,
נאָר אייביק געיאָגט זיך און אייביק געלאָפֿן
אַזוי ווי אין טרוקענעם מדבר דער ווינט,
אויף שטיינערנעם באָדן, אויף פֿעלדזיקע ברעגן,
אויף בערג און אין טאָלן, אויף זאַמדיקע וועגן,
אין היצן און קעלטן, אין רעגנס און שנייען,
און האַלטן אין גראָבן, אין אַקערן, זייען,
די קערנער פֿון יידיש פֿאַרן יידישן קינד.

פֿאַר אַ יאָרן איז דוד קריוויצקי אַלט געוואָרן 75 יאָר. זיינע פֿריינד פֿון דער צענטראַלער שול־פֿאַרוואַלטונג פֿון די אַרבעטער־רינג־שולן האָבן דעריבער באַשלאָסן אים אונטערצוטראָגן אַ מתנה צו זיין געבוירן־טאָג. און קיין שענערע מתנה פֿאַר אַ שרייבער, ווי דאָס נעמען די איניציאַטיוו און אים העלפֿן אַרויסגעבן זיינס אַ בוך, קען זיך דאָך אַ שרייבער ניט ווינטשן.

טוען מיר דאָס מיט גרויס פֿרייד. מיר טוען דאָס ניט נאָר דערפֿאַר, וואָס מיר ווילן אַזוי אַרום אויסדרוקן אונדזער אָנערקענונג קריוויצקין, ווי אַ געטרייען טוער אַרום די אַרבעטער־רינג־שולן, נאָר אויך דערפֿאַר וואָס מיר זיינען איבערצייגט, אַז קריוויצקיס צאָלרייכע לייענער וועלן פֿון דעם בוך האָבן קינסטלערישן געניס און הנאה.

# מיין מאַמע

מיין שוועסטער ליבע רייס
אין אָנדענק פון אונדזערע פאַרשטאָרבענע

מיין אַלטינקע מאַמע, צוזאַמענגעבויגן,
מיט ניינציק יאָר אין די האַלב־בלינדע אויגן,
זי רוט ניט קיין רגע פון מאָרגן ביז שפּעט;
זי וואָלט נאָר געדאַוונט, געשטריקט און גערעדט.

זי רעדט פון איר לעבן וואָס איז שוין ביים ראַנד,
זי רעדט פון איר טויט און זאָרגט נאָכאַנאַנד;
צי פאַסטן און תהילים און צדקה און שול —
האָבן איר צוגעגרייט אין גן־עדן אַ שטול.

זי רעדט פון אַמאָליקע ביטערע טעג
וואָס זי האָט באַגעגנט אויף איר לאַנגן וועג,
זי רעדט פון די צרות וואָס זי האָט נאָך היינט
פון קינדער און אָרעמע קרובים און פריינד.

אָט דעם פעלט אַ שוך און יענעם אַ קלייד,
אָט דער איז אַ קראַנקער און יענער אין נויט,
אַ קינד איז פאַר טויזנטער מייל ערגעץ ווייט,
און גאָט ווייסט צי וועט זי אים זען נאָך אין צייט.

און אָט פאַלט דעם טאַטנס יאָרצייט באַלד אויס,
איר צער און איר ווייטיק איז דאָך אַזוי גרויס,
האָט קינדער געהאַט אין אַ מזלדיקער שעה;
דריי זין און קיין איינציקער קדיש ניטאָ!

דער טאַטע איז געווען אַזאַ צדיק אַ ייד,
אַזוי ווי דאָס לעבן די תורה געהיט,
און קינדער ווי גויים, ווי קומט עס צו איר?
די זין ווי די איידעמס, די טעכטער ווי שניר.

ס'האָט נעכטן אַ מגיד „געזאָגט" אין איר שול —
איז יעטווידער ווינקל געווען דאָרטן פול,
נאָר אירע קדישים האָט זי ניט געזען.
נאָר אירע קדשים האָט זי ניט געזען.

אין היינטיקער סדרה איז אַ מעשה פאַראַן —
נאָך שענער ווי ס'איז זייער שענסטער ראָמאַן,
וואָס וואָלט זיי דען לייענען די סדרה געשאַדט ?
נאָר רייד — אַז זיי זיינען אַזוי ווי געשמדט ?

ווי אַנדערש אַמאָל איז געווען די וועלט,
ווער האָט דאָס געוואוסט פון זיך יאָגן נאָך געלט ?
אַביסל געליען, אַביסל געבאָרגט,
און די וועלט געהאַט און אויך יענע פאַרזאָרגט !

מיין אַלטינקע מאַמע, ווי ליב און ווי גוט
עס איז איר צו האָבן מיט אַלץ וואָס זי טוט,
זי טראָגט אירע ליידן מיט הייליקער פרייד,
און וואַרט אויפן לעבן וואָס קומט נאָכן טויט !

# דאָס וואָרט

דאָס וואָרט — אַ כישוף־אינסטרומענט,
פאַר דעם געפיל, געדאַנק.
דאָס וואָרט קלערט־אויף און עס פאַרבלענדט,
ס'איז קללה און געשאַנק.

דאָס וואָרט האָט צו דעם מענטש געבראַכט
אי האָפענונג אי שרעק,
צעהעלט פאַר אים די שוואַרצע נאַכט,
און פינצטערט אים די טעג.

דאָס וואָרט — עס צערטלט און עס גלעט,
און ברענגט אָפט זונענשיין,
און פרייד אין האַרץ און גליק צו זעט,
און גיסט אויך גאַל אַריין.

דאָס וואָרט צעברעכט וואָס ס'האָט געבויט,
צעררייסט וואָס ס'האָט געוועבט,
דאָס וואָרט איז ביטער ווי דער טויט,
און ברענגט אום וואָס געלעבט.

דאָס וואָרט — אַ פלאַם וואָס לויכט און צינדט,
און לעשט דעם גרעסטן פלאַם,
דאָס וואָרט לייזט אויף און עס פאַרבינדט,
דאָס וואָרט איז פרייד און סם.

דאָס וואָרט היט אָפּ, דאָס וואָרט פאַרפירט,
ס'ברענגט ליידן און ס'ברענגט טרייסט,
דאָס וואָרט פאַרמיאוסט און באַצירט
די וועגן וואו דו גייסט.

פאַרלוירן שטייט אַמאָל דאָס וואָרט,
צעפּייניקט און פאַרקלעמט,
ער שטייט ניט אויף זיין ריכטיק אָרט,
אַ יתום אין דער פרעמד.

אים האָט אַ ניט־געניטע האַנט
געלאָזן דאָרט אַליין,
ער שטייט פאַר יעדן אומבאַקאַנט,
פאַרלוירן זין און מיין.

דאָס וואָרט — אַ מוראדיקע קראַפט,
און אָפט ווערט ניט דערהערט,
אַ פּאַראַדאָקס דאָס וואָרט, עס שאַפט,
און אַליץ אַליין צעשטערט.

# אויף מאָרגן

איך און די וועלט,
מיר וועלן ביידע אונטערגיין.
אַ וויסטע וויסטעניש
וועט פֿאַרדעקן ביידן,
וועט דער בלויער הימל אויבן
קוקן, קוקן און ניט גלויבן
וואָס ער זעט.

אויף מאָרגן —
וועט די זון אַרונטערשיינען
ווי אַלעמאָל און וואַרעמען
די צעשפּאָלטענע פעלדזן.
וועלן ווינטן וויינען
ווי נאָך קיינמאָל ניט געוויינט
אויף דעם סוף פון מיר
און פון דער וועלט.

אויף מאָרגן —
וועלן מאַטעמאַטיקער,
אַסטראָנאָמיקער און פיזיקער,
כעמיקער און טעכניקער
און אַלע גרויסע פירער
פון דער וועלט —
זיך וואַלגערן ווי איך
צעפּיצלטע, צעשאָטענע,
צעשטויבטע און צעטראָטענע
אין שטויב פון אייגענעם באַשאַף.
די יצירה האָבן זיי געזוכט,
און דעם סוף געפונען.
די וויסנשאַפט,
די הייליקע, די וואונדערלעכע וויסנשאַפט,
איז דעם טויט דעם וועג פאַרלאָפן.

אויף מאָרגן —
וועלן פייגל מער ניט זינגען,
וועלן בלומען מער ניט בליען,
וועלן גראָזן מער ניט גרינען,
וועלןביימער מער ניט שפּרייטן
זייערע שאָטנדיקע צווייגן.
און פון דעם תוהו ובוהו
וועט אַ מוראדיק געלעכטער
פון דעם אשמדאי
זיך טראָגן צו די הימלען
אַז גאָט אַליין וועט זיך דערשרעקן.
און פאַר פּחד
וועט דער טויט אַנטלויפן
און באַהאַלטן זיך
הינטער אויסגעריסענע בערג.
אויף מאָרגן.

# וואָס איז אַ ליד?

מיין ליבן פריינד יוסף מלאָטעק

וואָס איז אַ ליד? אין צער אַ חלום אויסגעשפּונען,
אַ וויטיקדיקע פרייד געלייטערט אין געזאַנג,
דער חושך פון דער נאַכט ווערט אין באַגין צערונען,
און שלעפּערט איין דעם יאוש, און פאַרוויגט דעם באַנג.

וואָס איז אַ ליד? ווערטער אויסגעשליפן, אויסגעפורעמט,
און איינגעראַמט זיי אין די שורות פון אַ ליד, —
ווען ס׳האָט דאָס האַרץ געצאַפּלט, געפיבערט און געשטורעמט
צו לויפן פונעם פייער וואָס האָט אין האַרץ געגליט.

נאָר ס׳קען דער דיכטער פון זיין אומרו ניט אַנטלויפן,
און ניט פאַרלעשן דעם אויפגעפלאַמטן פלאַם
וואָס פלאַקערט ווי אַן אַנגעצונדן שייטערהויפן,
און ס׳פייער ווערט גענערט פון האָניק און פון סם.

וואָס איז אַ ליד? געמיש פון פּיין, געזאַנג און צאָרן,
געוויש פון קוואַל וואָס דער פּאָעט דערהערט,
געיאָמער און געלעכטער, געשריי פון ערשט געבוירן,
אַ בונד פון טאָג מיט נאַכט, פון הימל מיט ערד.

וואָס איז אַ ליד? אַ פונק האָט זיך צעגליט אין פלאַמען,
און אין קלאַנג און ריטם די ווערטער איינגעשמידט,
ווי רינג אין רינג געקייטלט וואָרט און וואָרט צוזאַמען,
און ס׳איז געבוירן פון צער און פרייד דאָס ליד.

# פון גורל באַשטימט

מיינע פריינד ישראל און גיטל ציטרין

דער פויגל מוז זינגען, ניט פרעג אים פאַר וועמען,
דער שטורעם מוז יאָגן, ניט פרעג אים פאַרוואָס;
די אויגן פאַרטרערן ווען ס׳האַרץ הייבט־אָן קלעמען,
און ס׳מוזן צעגרינען אין מאַי בוים און גראָז.

די זודיקע לאַוואַ מוז פלייצן און פליסן,
ווען ס׳עפּנט דער קראַטער זיין ברענענדיק מויל, —
און פרעג ניט פאַרוואָס עס מוז לאַוואַ פאַרגיסן
איר וועג און דאָרט לאָזן נאָר חורבן און גרויל.

און פרעג ניט דעם דיכטער פאַרוואָס און פאַר וועמען
ער וויטיקט און פריידיקט און זינגט אויס זיין ליד.
ווי טוי אויף די צווייגן, ווי טרערן אויף ברעמען —
גלאַנצט אָפּ אין די לידער דעם דיכטערס געמיט.

דער דיכטער, דער פויגל, דער קראַטער, דער שטורעם, —
אַזוי האָט השגחה באַשטימט זיי צו זיין,
און האָט זיי געפורעמט אין זעלביקן פורעם
פון לידער געזאַנגען, פון אומרו און פיין.

# צום שטאַם

איך בין געוואָרן מיד פון ווערן אויסגעלייטערט
אין פיינלעכן און שווערן גורל פונעם ייד,
בין איך אַוועק פון ייד, פון גורל זיין דערוויטערט,
זיין יאָך ניט טראָגן, ניט זיין מער צוגעשמידט.

צום פאָלק וואָס וויסט נאָר לײדן, בלוט און טרערן,
צו דעם געפּלאָגטן און פאַרפּאָלגטן שטאַם;
דאָרט אין דער וויט האָב איך געוואָלט דערהערן
געלעכטער און געזאַנג, ניט פילן מער דעם סם.

וואָס פליסט אַריין און דורך די אָדערן, די בלוטן,
און גאַליקט פרייד וואָס קומט אויך אומגעריכט
פון וויטע האָריזאָנטן, אין זעלטענע מינוטן,
און וואַרפט אַריין אין טיפן חושך שטראַלן ליכט.

איך בין אַוועק אַהין — אויף יענע וייטע וועגן
וואו אַלץ איז מיר געווען פרעמד און אומבאַקאַנט,
און האָב איך עמעצן געוואָלט וואָס זאָגן, פרעגן,
האָט מען געענטפערט מיט אַ געביילטער האַנט.

האָט עפּעס אויפגעציטערט טיף אין דער נשמה,
חרטה? בענקונג? ס'אויג געווען איז בלינד,
און ס'האָבן זיך צעברענט באַגערן נאָך נקמה
פון זיך אַליין, פאַר אומבאַוואוסטע זינד.

זיי האָבן פון די גערטענער מיך ניט פאַרטריבן,
אַמאָל געשענקט אַ שמייכל מיט פאַרקריצטע ציין,
אַז ס'איז אַ פּראָסטיק ביס אויפן לייב געבליבן,
וואָס האָט געשמאַרצט ביז דער טיפסטער ביין.

די פרעמדע גערטנער האָבן מיך ניט געזעטיקט,
די פרעמדע פּירות האָבן מיך ניט גענערט,
בין איך צוריקגעקומען און נאָך ניט פאַרשפּעטיקט,
מיין וואָרצל איז צעבליט, מיין שטאַם ניט אָפּגעצערט.

איך בין אַהין געלאָפן — פון וועמען און צו וועמען ?
האָב אַ מיראַזש געזען פון לאָקנדיקן גליק,
האָט מיך אַהין געצויגן, גערופן ס׳גליק צו נעמען,
און האָב געפונען האַס און שפּאָט אין זייער בליק.

פאַרפירט האָט דער מיראַזש, בין איך צו זיי געגאַנגען
צו זוכן דאָרטן דאָס, וואָס איז געווען ביי מיר,
מיט צער און טרויער אויך פריידיקע געזאַנגען,
מיט טרערן אויך געלעכטער און גליק ביים אייגן טיר.

בין איך צוריקגעקומען דעם גורל זיך צו טיילן,
מיט אַלע פון מיין וואָרצל, מיט אַלע פון מיין שטאַם,
צו קענען קוקן פריי און קענען פריי דערציילן
פון אויפלעב ווי פון פּיין, פון האָניק ווי פון סם.

# אין באַגין

ברוך צוקערמאַן אַ מתנה

צי האָבן פייגל אויפגעוועקט מיך אין באַגין,
צי איך האָב אויפגעוועקט אין מזרח דעם קאַיאָר,
דער מאָרגן און די פייגל זינגען אין איין כאָר,
און ס׳האָט דער נייער טאָג באַקומען נייעם זין.

די טיפע וואָרצלען פון וואַנען כ׳קום און בין,
פאַרבינדן זיך אַלץ ענגער אין מיין אַלטן שטאַם,
און גרעסער ווערט דער אויפגייענדיקער פלאַם
וואָס האָט געלויכטן מיר אַמאָל אין מיין באַגין

די וואָר איז ווי דער חלום, קאַליידעאָסקאָפּיש שנעל,
אַ נס געשעט און באַלד אַ צווייטער לויכט־אויף העל,
אויף שטיינער בליט אַ פעלד, דער מדבר קוואַליקט קלאָר.

אפילו צום „אין סוף״ גענומען האָט אַ סוף,
דערוואַכטע קומען זיי פון אַ נירוואַנאַ שלאָף,
דער נעכטן איז אַ חלום. אַ חלום איז איצט וואָר.

# דער נס

צום צענטן יאָרטאָג פון מדינת ישראל

עס האָט געגרוילט דער וועג,
עס האָט גענומען לאַנג,
נאָר ווער קען ציילן טעג
און ווער קען מעסטן גאַנג
אין יאָרן טויזנטער,
אין דורות פון געוויין ?
ס׳איז דאָס וואָס איצט איז דאָ
אין אויסגעלייזטער שעה,
דער נס !
די זון אין הימל איז געבליבן שטיין !

וואָס ווייסטו חבר ? אָ איך ווייס,
עס קלעמט דאָס האַרץ פון גרויסע פריידן,
ס׳איז עפּעס אַזוי שיין און גרויס —
אַז ס׳פעלט דאָס וואָרט און קענסט ניט רעדן.

נאָר ס׳רעדט דיין אויג וואָס זאָגט פיל מער
ווי ווערטער קענען איצטער זאָגן,
עס גלאַנצט דער וואונדער אין דיין טרער,
דיין טרער — דער טוי אין אָנהייב טאָגן.

און קוקסט פאַרגאַפט, ווי אַ מיראַזש
וואָלט פאַר דיין פריידיק אויג געפיבערט,
און שטייסט אַ שטומער אין עקסטאַז
נאָר אין נשמה עפּעס ציטערט.

צי קען דען וואָרט, צי קען דען קלאַנג
איצט זאָגן וואָס עס ווילט זיך זאָגן,
ווען נאָך דעם חושך דורות לאַנג
האָט ווידער אונדז גענומען טאָגן !

# אין פאַרנאַכט

צו ד. ניסנעוויטש
צו זיין 70־יאָריקן יובל.

עס מאָלן די יאָרן די טעג און די וואָכן
ווי רעדער פון מילן דעם קאָרן פון זאַנג,
און ס'שמייכלט דאָס לעבן, אַ העלד פון נצחון,
וואָס האָט די באַזיגטע געקליבן אין פאַנג.

נאָר ס'האָבן די טעג און די וואָכן ווי זאַנגען
געבליט אויך אַמאָל ווי אין פרילינג דאָס פעלד —
ווען ס'האָבן געברויזט און געשטורעמט פאַרלאַנגען,
ווען ס'האָט זיך געפורעמט אַ פרייערע וועלט.

זיי האָבן געבליט פאַר דער וועלט און פאַר דורות,
אין ליכט פונעם מאָרגן. אין טוי פון באַגין.
טאָ וואָס קענסטו וועלן נאָך מער ווי די פּירות
וואָס דו האָסט געטראָגן פון אייגענעם מין?

פאַרשטילט איז די רעגונג, עס שטומען פאַרלאַנגען,
דאָס האַרץ איז באַרואיקט און ווייך דער געמיט,
און זעסט היינט דעם גאָלדענעם בלי פון די זאַנגען,
און זעסט היינט די שיינקייט און רייפקייט פון שניט.

די שיינקייט פון בלי און די רייפקייט פון יאָרן,
אַזוי איז געווען און אַזוי וועט עס זיין —
ווי ס'מאָלן די רעדער פון מילן דעם קאָרן
פאַר מאָרגן, פאַר שפּעטער, אין דורות אַריין!

***

אויב מײַן טאָג איז שוין פֿאַרגאַנגען —
וואָס־זשע הענגט ער נאָך
ווי אַן שפּינוועבס אָנגעהאַנגען
וואָלט אַ פֿליג זײַן דאָרט געפֿאַנגען,
ראַנגלט זיך אין לעצט פֿאַרלאַנגען:
נאָך אַ ווײַלע, נאָך!

אויב מײַן נאַכט איז שוין געקומען —
וואָס־זשע צאַנקט נאָך פֿלאַם?
אויף אַן אײנזאַם וועג אַ קרומען
אין דער לעצטער שעה ווען ס׳קומען
גאַליק־ביטער אויפֿן גומען
שאַרפֿע טראָפּנס סם.

ווי אַ קראַנקער פֿויגל פֿלאַטערט
אום מײַן לעצטער טאָג,
אין חלומות אומגעפֿלאַטערט,
און אַ לעבן אָפּגעפּטרט,
און פֿון אַלצדינג אויסגעמאַטערט,
קראַנקע שעה פֿאַרטאָג.

# ביים בריק

די מיילן וואָס האָבן געפירט מיך אַהער
זיי וועלן ניט פירן צוריק,
געפירט אַזוי לאַנג און פירן ניט מער,
געדרייט זיך, געזיגזאַגט, געבראַכט מיך אַהער,
צום בריק וואָס הענגט אויף אַ שטרויענעם שטריק,
אַ שטרויערנע שטריק און ניט מער.

צום בריק וואו עס גרענעצט דעם דאָרט מיט דעם דאָ
ביים פינצטערן תהומיקן מויל,
וואו ס'איז קיין פאָרויסיקער וועג מער ניטאָ,
און טרויעריק קוקט די פאַרגייענדיק שעה
אויף דאָס וואָס איז דאָ און איז באַלד מער ניטאָ,
ס'איז דאָ בלויז דער סופיקער גרויל.

און ס'וויגט זיך די בריק אויף דער שטרויערנער שטריק
אַ הין און צוריק אָן אַ סוף,
אָט איז ער אין תהום און אָט קומט ער צוריק,
און האַלט אין היפנאָז מיין פאַרצווייפלטן בליק
צום שוואונג פונעם בריק אויף דער שטרויערנער שטריק,
אָט באַלד — און עס הערט אַלצדינג אויף.

און כ'שטיי דאָ און קוק אויף פאַרגאַנגענע טעג,
עקסטראַוואַגאַנט וואַרפנדיק זיי צו דעם ווינט,
אין אימפעטיק לויף אויף אַ זינלאָזן וועג,
געלאָפן אין ווירבל־ווינט יאָגנדיק בלינד
אין צירקל־געדריי פון די זעלביקע טעג,
און האָב ניט געזען ווי דאָס לעבן צערינט.

איך זע די פאַרלאַנגען וואָס האָבן גערעגט,
פאַרחלשטע איצט אין געמיט,
וואָס ליב איז געווען איז מיט שאָטנס פאַרדעקט,
און וואָס ס'האָט געווייטיקט — ווייטיקט שוין ניט.

ס'איז אַלץ אַזוי ווייט, אַזוי טונקל פאַרמעקט,
צעבראָכן, צעשטויבט און פאַרבליט.

און איז ווען געקומען וואָס איך האָב געוואָלט,
געקומען נאָך וואָס כ'האָב געבענקט —
האָב איך פאַר די אייגענע פריידן געצאָלט
די פרייד וואָס איך האָב אַליין זיך געשענקט.
די פריידן וואָס איך האָב אין דמיון געמאָלט,
און באַלד זיי שוין מער ניט געדענקט.

איך בין דאַן געלאָפן באַרוישט צו דער ווייט,
פאַרשיכורט פון ליד און געזאַנג,
וואו ס'ווייסט ניט די ליבע פון אָרט און פון צייט,
וואו ס'טוען די נעכטנס ניט באַנג.
וואו „מאָרגן" און „שפּעטער" פאַרלירט דעם באַדייט,
און פרעגסט ניט „צו וואָס" און „ווי לאַנג"?

נאָר ווען כ'בין געקומען וואו ס'האָט מיך געלאָקט,
וואו ס'האָט מיך גערופן דאָס גליק —
האָב איך דאָרט געפונען די אומרו וואָס יאָגט
פון דאַנען אַהין און צוריק.
און ס'האָט מיך אַ פיינלעכער יאוש געיאָגט
צוריק, צו דעם אַלטן צוריק.

עס האָט מיך פאַרכישופט דער פרייהייט־געדאַנק,
דער אויפבוי פון נייעם באַשאַף,
וואו פרייהייט פאַרשיכורט ווי שטאַרקער געטראַנק,
און ס'שלינגט ניט זיין גאַליקן ביסן דער שקלאַף.
אַהין צום קאַיאָר וואו דער טאָג איז געשאַנק,
וואו ס'ווערן דערשראָקענע בראַוו.

נאָר כ'האָב דאָרט געפונען אַ דאָרנדיקן וועג,
אַן אויפשטייג צעבראָכן ביים שטאַם,
מיט גאַל אָנגעזאַפּט איז דער גרויסער פאַרמעג,

פון נייעם באַשאַף, אַ געוויקטער אין סם.
און ס׳קוקן פאַרפינצטערט די בראַווע אויף טעג
וואָס זיינען געבוירן אין פלאַם.

איצט שטיי איך ביים בריק אויף דער שטרויערנער שטריק
און זע ווי ס׳פאַרטראָגט אַלץ דער ווינט,
און ס׳ציטערט מיין בליק ווי עס ציטערט דער בריק
פאַר עפּעס אים וויגנדיק בלינד.
אָט פאַלט ער אַראָפּ און אָט קומט ער צוריק,
און באַלד — מיט מיר ערגעץ פאַרשווינדט.

# פירות אויף די ביימער

פון לואיס אלען

אויף די דרום־ביימער וואַקסן פירות אויס.
הענגען אויף טאָפּאָלן משונהדיקע גרויס.
בלוט איז אין די וואָרצלען, בלוט פון בלעטלעך רינט,
שוואַרצע גופים וויגן זיך אין דרום־ווינט.

תליות אויף די פעלדער — בילדער שרעק און גרויל,
וויגט זיך אום אַ גוף מיט אַ צעקרימטן מויל,
שלאָגט פון אים מאַגנאַליע־ריח אַזוי זיס,
וויגט זיך אום אַ גוף, הענגט נאָך וואַרעם פריש.

הענגען שוואַרצע פירות, קומט די קראָ און פּיקט,
אויסגעווייקט פון רעגן, קומט דער ווינט און פליקט,
פון דער זון צעטריקנט, פאַלן זיי אין קויט,
הענגען שוואַרצע פירות, ביטער ווי דער טויט.

יידיש : ד. קריוויצקי

# אין בין השמשות

ס׳קען זיין דאָס איז מיין לעצטע ליד,
מיין לעצט געזאַנג,
אויך וואָרט וואָס האָט געבליצט, געבריט,
פאַרשווינדט אין גאַנג.
דאָס שענסטע וואָרט צום סוף פאַרפליט,
וואו מיט זיין קלאַנג.

איך האָב געשיכורט מיט מיין ליד
ווי מיטן ווייַן,
געשטילט דאָס אומרואיק געמיט
מיט פרייד פון זיין.
געוויינט, געלאַכט, ווען ס׳האָט געגליט
אין האַרץ די פּיין.

און אָט אַ טאָג, אַ טריבער טאָג,
קיין זון ניט מער,
און ווי דער גרויער הימל כ׳טראָג
אַ וואָלקן שווער.
אין שעה פון פינצטערן פאַרטאָג,
מיט קראַנק באַגער.

אַוועק מיין טאָג און איצטער קומט
די לאַנגע נאַכט,
די רעגונג איז אין האַרץ פאַרשטומט,
און יאוש לאַכט.
פאַרזונקען אונטער מיר דער גרונט,
אַ גוטע, גוטע נאַכט.

# דער הענדלער

מיין יוגנט־חבר מאָריס קאהען
אין אָנדענק פון אונדזער שטעטל קורעניץ

אויפן מאַרק איז אַ יאַריד.
אַלע האַנדלען, גוי און ייד.
יאָגט זיך בערל צו דעם מאַרק
מיט אַ זעקל אויפן קאַרק.

בערל פליט צו דעם יאַריד —
כאָטש קיין גראָשן האָט ער ניט;
נאָר בטחון האָט ער, ס'קען
אויך מיט אים אַ נס געשען.

ביי די הענדלער איז שוין לאַנג
דער יאַריד אין פולן גאַנג;
איין דעם אַנדערן פאַרלויפט,
דער זוכט קויפן, דער פאַרקויפט.

דרייט זיך בערל צווישן זיי.
וואַקסט אויס, וואו עס שטייען צוויי,
קריכט צווישן פורן אום,
זוכט און נישטערט אומעטום.

ס'ווילט זיך קויפן וואָס ער זעט;
דינגט ער זיך און טאַפּט און גלעט
אַלץ וואָס קומט אים צו דער האַנט:
מעל און פעל, אַ שטיק געוואַנט.

זעט ער סחורה וואָס אים דוכט
אַז אָט דאָס האָט ער געזוכט —
שטייען שוין דאָרט הענדלער דריי,
גייט זיי בערל שטיל פאַרביי.

לעבן זעקלעך שטייט אַ גוי,
גייט ער צו און סתם אַזוי
גיט ער ביי דעם גוי אַ פרעג:
טשטאָ־טאָ מייעש אין די זעק?

באַלד דערזעט ער: אָן דער זייט
שטייט אַ בהמה און זי קייט,
לעבן איר אַ גרויסע קאַלב.
— ווערט צען רובל מיט אַ האַלב!

— אפשר צוואַנציק! אָבער ניין —
דינגט ער זיך מיט זיך אַליין:
צוואַנציק רובל? ס׳איז ניט ווערט!
בעסער קויפן שוין אַ פערד!

קומט אַ גוי אַנטקעגן אָן
מיט אַ גרויסן רויטן האָן.
בערל איז שוין לעבן גוי:
„סקאָלקאָ״? פרעגט ער גלאַט אַזוי.

באַלד דערזעט ער: אויף אַ שטריק
פירט אַ פויערטע אַ ציג.
חשבונט ער שוין און ער קלערט —
וויפל קען די ציג זיין ווערט?

מיט אַמאָל האָט ער דערהערט
הינער קוואָקען. בערל ווערט
גלייך באַגייסטערט און ער לויפט
זען צי וואָלט ער זיי געקויפט.

יאָגט ער זיך אַזוי אַרום,
שטופּט זיך, שטויסט זיך אומעטום,
נאָר קיין מזל האָט ער ניט,
ניט פאַר אים איז דער יאַריד...

וואָכן לאַנג האָט ער געוואַרט
אויף דעם טאָג, געהאָפּט, געגאַרט
היינט פאַרדינען עפּעס וואָס,
נאָר פאַרדין, מיט וואָס ? פון וואָס ?

און אַ שעה נאָך שעה פאַרפליט,
באַלד איז אויס מיט דעם יאַריד,
ס'איז דער טאָג שוין באַלד אַוועק,
סוחרים פּאַקן זיך אין וועג.

נאָך אַ ווייל און ס'איז שוין נאַכט.
קראָמען ווערן צוגעמאַכט,
גויים שפּאַנען שוין די פערד,
און דער מאַרק אַלץ פּוסטער ווערט.

ווייט אַרום פון שטאָט זיך ציט
פור נאָך פור פון דעם יאַריד.
סאיז דער מאַרק שוין איינגעשטילט,
ליגט אין שאָטנס איינגעהילט.

ערגעץ אויף אַ ווינקל מאַרק
זינגט אַ גוי באַזויפן שטאַרק,
זידלט, קריגט זיך מיט דער וועלט,
אים האָט אויך וואָס אויסגעפעלט.

בערל גייט אויך פון יאַריד,
שלעפּט זיך הונגעריק און מיד,
מיט דער זעלבער בויט און זאָרג :
ווידער ליי און ווידער באָרג.

נאָר צום סוף האָט גאָט באַגליקט
בערלען און אים צוגעשיקט
אַ פאַרדינסטל, אַ פּיאַטאַק.
— — — — — — — — — —
בערל האָט פאַרקויפט זיין זאַק.

# דער בעטלער

עס זיצט אַ בעטלער אויפֿן מאַרק
און שפּילט אַן אַלטן ניגון,
צוויי טאָרבעס הענגען אויף זיין קאַרק,
און וויגן זיך און וויגן.

ער שפּילט אַן אַלטן ניגון שטיל,
אַ ניגון לאַנג פֿאַרגעסן,
פֿון אַ טרויעריק ליבעס־שפּיל
פֿון שקלאַף מיט דער פּרינצעסין.

עס שטייען מענטשן דאָרט אַרום
און הערן צו דעם ניגון,
און קוקן טרויעריק און שטום
ווי טאָרבעס צוויי זיך וויגן.

עס שפּילט דער בעטלער אויס זיין פּיין
צום הימל, צו זיין היטער,
און פֿאַלט אַ פּרוטה אים אַריין —
גיט אַ סטרונע שטיל אַ ציטער.

# דער זייגער

אין מיטן שטאָט אַ פּאַרק פון האַרבסט אַרומגענומען,
און אויף אַ באַנק אַ מענטש ליגט צונויפגעדרייט,
אַ מענטש וואָס איז אַ גאַנצער פון דעם קריג געקומען
און האָט מיט זיך געבראַכט דעם שאָטן פון דעם טויט.

די אויגן קוקן ווי דורך שוואַרצן גלאָז צום הימל,
די ליפּן מורמלען וואָס אין חושך פון דער נאַכט,
ווי איינער וואָלט געקרעכצט פון ווייטיק אין זיין דרימל,
ווי איינער וואָלט אין שלאָף צעווײנט זיך און צעלאַכט:

— וואָס איז דאָ אַזוי רואיק? וואו זיינען זיי אַנטלאָפן?
וואָס הערט מען ניט דאָס קנאַלן פון ביקסן, פון האַרמאַט?
וואָס זעט מען ניט דעם שונא? וואָס האָט מיט אים געטראָפן?
וואָס הערט מען ניט דאָס וויינענדיקע הודזשען פון גראַנאַט?

פון ערגעץ שלאָגט אין קאָפּ אַ וויינענדיקער ניגון,
איך קען די שטילקייט ניט פאַרטראָגן מער, אַ גאָט!
עס רוישט אין קאָפּ דער זשום פון גרילן און פון פליגן,
דאָס פאַלן פון אַ בלעטל, דער אָפּקלאַנג פון אַ טראָט.

עס מישט זיך וואָס אין מוח, ס'נעמט דער מאַרך זיך צינדן,
וואָס האָט מען מיר געלאָזן ליגן דאָ אַליין?
עס שרעקט אַזוי די נאַכט, דער הימל און די ווינטן,
עס קריכט די פינצטערניש צו מיר מיט אַ געוויין.

מיין קאָפּ! איך קען די שטילקייט ניט פאַרטראָגן!
וואָס הערט מען ניט ווי ס'האָבן קאַנאָנען זיך צעלאַכט?
וואָס הערט מען ניט ווי שטומע שרייען, ווי זיי קלאָגן?
וואָס זעט מען ניט ווי בלינדע לויפן אין דער נאַכט?

וואָס זעט מען ניט ווי פון די גראַבנס און אויף דראָטן
עס סטאַרטשען הענט און פיס פאַרבלוטיקטע אין קויט?

ווי ס׳וואַלגערן זיך אברים צעשאָסענע, צעטראָטן,
ווי פּאַר די אויגן טאַנצט אַ ווילדן טאַנץ דער טויט!

עס פּלאָנטערט זיך אין מוח, עפּעס שטייט מיר פאַר די אויגן,
דאָס איז מיר עפּעס אַלץ אַרום אַזוי באַקאַנט,
אָט דאָרטן דאַכט זיך האָט אַ טייכל זיך געצויגן,
און דאָרטן האָט געטורעמט אַ העל געפּאַרבטע וואַנט.

און דאָרטן אין דעם פּאַרק, צווישן די אַלייען,
דאָרט פלעגן קינדערלעך זיך שפּילן נאָכאַנאַנד,
מיין קאָפּ! מיין קאָפּ! עס שפּאַלט זיך מיר אין צווייען,
ניט שטעך! אָט גיב איך דיר אַ פריינטלעכער מיין האַנט!

פאַרוואָס זאָלסטו מיך שטעכן? מיר זיינען דאָך צוויי ברידער,
און אַז מיר רעדן אַנדערש, דאַרפן מיר זיין פיינט?
מיר האָבן דאָך די זעלבע פלייש און בלוט און גלידער,
טאָ לאָמיר שווייגענדיקע בלייבן גוטע פריינד.

צו וועמען רייד איך? עפּעס פּלאָנטערט זיך אין מוח,
אַ ברענענדיקער מבול גיסט זיך אָן אַ סוף,
עס שטיקט אין האַלדז אַ שווערער בייסנדיקער ריח,
סאָלדאַטן לויפן, פאַלן, שטייען ווידער אויף.

דאָרט ווערן מענטשן פּלוצעם ווילד פון משוגעת,
אַ מוראדיק געלעכטער רייסט זיך דורך דער נאַכט,
און קייקלט זיך אויף טויטע קערפּערס מיט אַ כעס,
ווער האָט זיי אַלעמען אַהער צו מיר געבראַכט?

מיין קאָפּ! מיין קאָפּ! ווי שטיל דאָ איז געוואָרן,
אַוועק! אַוועק! איך קען ניט לויפן מער,
מיין באַיאָנעט האָב איך וואו אין דיין פלייש פאַרלוירן,
ליג שטיל! ניט שריי! וואָס קריכסטו איצט אַהער?

צוריק ברענגט די קאַנאָנען, שראַפּנעלן און האַרמאַטן,
זאָל דונערן דער הימל און פּלאַצן זאָל די ערד,

אַנטלויף! אַנטלויף! דאָרט פלאַצן די גראַנאַטן,
און דאָרטן יאָגט דער שונא מיט פייער און מיט שווערד!

און מענטשן פאַלן איינע אויף די צווייטע,
פון בערג און טאָלן דונערט אַזוי ווילד,
עס זינקט די ערד פון בערג אָנגעשאָטענע טויטע,
דער הימל האָט מיט רויך און פייער זיך צעשפּילט.

עס פאַלן ברענענדיקע הייזער מיט געפּילדער,
עס טראָגן מאַמעס טויטע קינדער אויף די הענט,
דער שונא יאָגט, דער שרעק ווערט גרעסער, ווילדער,
ניטאָ וואוהין צו לויפן, פון אַלע זייטן ברענט!

ניטאָ וואוהין צו לויפן, ניטאָ וואו זיך באַהאַלטן,
דאָ גוססט יונגער לעבן און דאָרטן וואַרט דער טויט,
מיט טויזנט אויגן לויערט ער פון אַלע שפּאַלטן,
פאַרשלינגען ס׳לעצטע ביסל לעבן איז ער גרייט.

העי, סאָלדאַטשיק! האָסט אַ טאַטן־מאַמען?
אַ ברודער וואו, אַ שוועסטער, וואָס האָפן נאָך צו זען
זאָלסט ווידער זיין מיט זיי אַלעמען צוזאַמען?
ליג שטיל! מען שרייט הוראַ! עפּעס איז געשען.

דאָס האָבן זיי געזיגט! וואָס ביסטו שטום געוואָרן?
וואָס שוויגסטו דאָרט? דו האָסט אַ ביקס, טאָ שיס!
ניין, ניין! ניט שיס! מיר האָבןביידע דאָך פאַרלוירן,
דו זעסט? אָט ליג איך דאָך אַ פריינד ביי דיינע פיס!

דו זעסט? איך וואַרט! איך גיי מיט דיר צו דיינע,
וואָס איז דאָ אַזוי פינצטער? וואָס רוישט אַזוי אַרום?
דיין טאַטע, מאַמע, שוועסטער זיינען דאָך ווי מיינע
אומגליקלעכע... אַנטלויף ניט פריינד, איך קום!

מיין קאָפּ! מיין קאָפּ!... און שטיל איז דאָרט געבליבן
דער גרויסער זיגער פון דעם בלוטיק וויסטן קריג.
ער וועט שוין מער ניט הרגענען, ניט האַסן און ניט ליבן,
נאָך זיין וואונדערלעך געוואונענעם גרויסן זיג!

# צווישן ניי־מאַשינען

ווען ס׳האָט פאַרנאַכט דער שאַפּ־גערויש זיך איינגעשטילט,
און אַלץ איז דאָרט געוואָרן אין שאָטנס איינגעהילט,
די קליידער און מאַשינען, די ווענט און דער סופיט,
ווי רוחות וואָלטן אַ בית־עולם דאָרט געהיט
און די אומהיימלעכקייט, די שטילקייט האָט געמאַכט
נאָך שווערער און געדיכטער די טונקלקייט פון נאַכט,
האָט איין מאַשין אַ נייע, ערשט היינט געבראַכט אַהין,
געווענדט זיך צו איר שכנה, אַן אַלטע ניי־מאַשין
און איר געבעטן זי זאָל וואָס דערציילן, ווײַלע ס׳נעמט
די שטילקייט שרעקן איר, די שאָטנס אויף די ווענט.

די נייע איז אַ יונגינקע, זי שפּיגלט זיך און גלאַנצט,
איר קול איז אַזאַ זינגענדיקער ווי זי וואָלט געטאַנצט,
איר ריטם אַזאַ לאַשטשענדער, עס קלינגט איר יעדער דריי,
דאָס קעפּל שײַנט און צײַנדלעך ווי ערשט געפּאַלן שניי.

די שכנה איז אַן אַלטע שוין, צעבראָכן און צעקאַרבט,
אַן אויסגעמאַטערטע אַז ס׳דוכט זיך אָט זי שטאַרבט.
איר קול איז הייזעריק און הודזשעט מיט אַ כריפּ,
ווי ס׳וואָלט דער לעצטער אָטעם געלעגן אויף איר ליפּ.
די צײַנער אויסגעבראָכן, דאָס קעפּל ווײַסלעך גרוי,
אַז אָן אַן אײַנשפּריצונג גייט זי ניט פון אָרט,
אַז זי אַליין קען ניט פאַרשטיין גאָר ווי אַזוי
מען האָט זי אַזוי לאַנג גאָר אײַנגעהאַלטן דאָרט.
נאָר פּלוצעם האָט ווי אויפגעבליצט איר גרויער קאָפּ,
ווי ס׳וואָלט אַ לעצטער זונענשטראַל שענקען איר אַ שײַן,
זי האָט דערזען אַז זי איז נאָך פון סצענע ניט אַראָפּ,
זי קען נאָך אַלץ מיט וואָס ווען בוצלעך זײַן,
דערציילן כאָטש אַ מעשה אין אַן אומעטיקער שעה,
ווען ס׳איז אין שאַפּ דער רויש און דער געברויז ניטאָ.
דערציילן איר פון דאָס, וואָס איז אַמאָל געווען,
וואָס זי אַליין האָט דורכגעלעבט, געהערט דאָ און געזען.

יאָ, שוועסטערל, איך האָב וואָס צו דערציילן דיר אַ סך,
וואָס דאָ איז זיך פאַרלאָפן אין דער לאַנגער צייט,
מען קען דאָס ניט פאַרגעסן, כאָטש איצט איז יעדע זאַך
פאַרהילט ווי אין אַ נעפּל און קוקט אויס אַזוי ווייט.
אַמאָל בין איך אויך יונג געווען און שיין, שטאַרק,
ווען ס׳האָט מיך אַן אָפּרייטער געבראַכט דאָ אויף זיין קאַרק.
נאָר איצט איז שוין ניט דאָס, וואָס איז געווען אַמאָל,
ס׳איז אַלץ געוואָרן אַנדערש, דער רויש און דער געשריי,
אפילו די מאַשינען האָבן איצט אַן אַנדער קול,
דער גאַנצער שאַפּ איז אַנדערש, אפילו דאָס געניי.
מען הערט ניט יענע לידער מער, און יענע רייד,
די מענטשן זיינען אַנדערש, דער טרויער און די פרייד.
די טעג אפילו זיינען ניט מער שוין וואָס געווען,
אַנטלויפן איידער האָסט זיך גוט אַרומגעזען.
אין יענער צייט אַ טאָג, איז דאָס געווען אַ טאָג,
פון פינצטערן באַגינען, ביז אין דער שפּעטער נאַכט,
געוואוסט האָט דער אָפּרייטער נאָר יאָגן זיך און יאָג,
ווער האָט געציילט די שעה׳ן און פון רו געטראַכט ?
און מיך האָט מיין אָפּרייטער פון האַנט ניט אָפּגעלאָזט,
וואוהין ער איז געגאַנגען האָט ער מיך געשלעפּט,
אין שניי, אין ווינט און רעגן, אין דעם גרעסטן פראָסט,
ווי איך וואָלט זיין צו אים אַ צווילינג צוגעקלעפּט.
און איצטער ? איידער ס׳ווערט פאַרקלונגען מיין גערויש,
איז מיין אָפּרייטער שוין אויף יענער זייט מאַשין,
אים אַרט ניט צי מען האַלט מיך צי זיי וואַרפן מיך אַרויס,
ער לויפט אַוועק און ניט זיין דאגה וואו איך בין...
עך, צייטן מאָדנע זיינען אָנגעקומען איצט,
דו ווייסט ניט ווער עס קומט אַהער און ווער דאָ זיצט.

אַמאָל איז דאָ געזעסן אַ מיידל און געניית,
אַן איידעלע, אַ בלייכע און אויגן גרויס און שוואַרץ,
פלעגט זינגען ווי ס׳וואָלט שפּילן שטילערהייט אַ פלייט,
פון זיסקייט איז צעגאַנגען באַלד מיין שטאָלן האַרץ.
נאָר זינגען פלעגט זי ווי מיט טרערן אין איר קול,

ווי ס׳׳וואָלט איר האַרץ געבענקט נאָך וועמען פון אַמאָל.
ביז איינמאָל אַ פרימאָרגן, צי אפשר שוין פאַרנאַכט,
איך קען זיך ניט דערמאָנען ווען דאָס איז געווען,
איך יאָג זיך, ס׳דאַרף די אַרבעט ווערען גיך געמאַכט,
די אברים זיינען מיר צעשרויפט פון האַסט און ברען.
נאָר פלוצעם האָט זיך עמעצער לעבן מיר צעוויינט,
אָט ווי אין האַרבסט אַ ווינט וואָלט באַוויינט אַ וואַלד,
עס האָט אין מיר געגומען רוישן, כ׳האָב געמיינט
אַז איך אַליין וועל דאָ צעשפּרונגען ווערן באַלד.
דאָס האַרץ אין מיר איז אָפּגעשטאָרבן און איך פיל
אַז ס׳איז דאָס מיידל מיטאַמאָל געוואָרן שטיל.
האָב איך זיך אָפּגעשטעלט פון האַסטיקן געלויף
און וואַרט. און באַלד פאַלט זי אויף מיר אַרויף
ווי ס׳וואָלט אַ קינד געפאַלן אין איר מאַמעס שויס.
זי איז אַוועק. וואו איז זי איצט? ווער ווייסט?

דערנאָך איז דאָ געזעסן אַ מאַן שוין גרוי און אַלט
אַמאָל געווען אַ סוחר פון תבואה און פון וואַלד.
אַ ייד אַ תלמיד חכם נאָר קיינמאָל ניט גערעדט,
האָט נאָר געטראַכט און געבייט ביז אין טיפן שפּעט.
און הוסטן פלעגט ער ווי ס׳וואָלט פון אַ פוסטער פאַס
אַרויסגעשריען עמעצער הייזעריק מיט אַ כעס.
ביז איין פרימאָרגן און מיין סוחר איז ניטאָ.
איך וואַרט אויף אים און וואַרט, אַוועק אַ שעה נאָך שעה,
נאָר ער איז ניט געקומען און ס׳איז דער טאָג אַוועק,
דער פאָרמאַן האָט געשאָלטן אַז ס׳איז געווען אַ שרעק.
איז מיר געוועזן אומעטיק אַ פּאָר טעג נאָכאַנאַנד,
ביז ס׳האָט זיך לעבן מיר געזעצט אַ נייע האַנט.
דער נייער איז געווען אַ בלייכער אינטעליגענט.
ביי טאָג אַן אָפּרייטער און אין אָוונט אַ סטודענט.
אַ גאַנצן טאָג האָט ער גערעדט וואָס שטילערהייט
געמורמלט נאָכאַנאַנד עפּעס מאָדנע פרעמדע רייד
ער איז אַ לאַנגע צייט אַזוי געזעסן לעבן מיר.
איך האָב געקענט שוין גוט זיין יעדן דריי און ריר.

און גוט איז ער געווען, מיך קיינמאָל ניט געיאָגט.
איז קיינמאָל ניט געקומען אײדער ס׳האָט געטאָגט.
ביז אײן פרימאָרגן און, ניטאָ דער אינטעליגענט,
מסתמא עפּעס אויסשטודירט און אויס מיט דער מאַשין.
נאָר ס׳איז פאַר מיר קײן נײס געװען צו בײטן הענט,
זײ קומען און גײען און איך בלײב וואו איך בין.

דערנאָך איז דאָ געזעסן אַ דאַרער לאַנגער ייד,
מיט הענט ווי פליגלען וואָס ווערן קײנמאָל מיד.
צוויי לאַנגע פיס וואָס האָבן אים אַלעמאָל געשטערט,
ווי אומעטום וואָלט זײן פאַר אים צו הויך די ערד.
אַ דינער לאַנגער האַלדז, אויף אים אַ ליסע קאָפּ,
אין האַלדז אַ גאָרגל וואָס לויפט אַרויף, אַראָפּ.
נו, האָט ער אַלץ געגאָרגלט, הויך און גראָב און דין,
ווי ער וואָלט וועלן אַריבערשרייען די מאַשין.
ער האָט געוואָלט דאָס ווערן אַן „עקטער״ מיט דער צײט,
און וואָלט מסתם געוואָרן באַרימט אי ברייט אי ווייט,
ווען ס׳טרעפט אים ניט דער אומגליק צו די בייזע יאָר,
ער איז געוואָרן מיטאַמאָל הייזעריק ווי די וואַנט,
פאַרלוירן האָט די וועלט אַ קינסטלער, אַן אַקטיאָר,
און לעבן מיר האָט זיך געזעצט אַ נייע האַנט.

היינט די לידער וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט,
אַזעלכע לידער הערט מען שוין ניט היינט,
ביים זינגען יענע לידער האָט געדוכט זיך אַז עס ווערט
דער גאַנצער שאַפּ מיט אַ מין הייליקייט פאַרשיינט.
נאָך איצטער הער איך יענע לידער פון אַמאָל,
ווי די אָפּרייטערס נעמען זינגען אויף אַ קול:
„ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט,
איר אַלע וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט״.
פלעגט איינער אָנהייבן מיט אַ שטילער שטים:
„אַ ברידער מיר האָבן געשלאָסן
אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד״.
כאַפּט אונטער באַלד אַ צווייטער און זינגט מיט אים:

„מיר שטייען אין שלאַכט ווי געוואַקסן,
די פאָנע די רויטע אין האַנט!״
אַמאָל האָט אַן אָפּרייטער אַ נייע ליד געבראַכט,
האָט יעדער איינער שוין געזונגען טאָג און נאַכט:
„איך האָב אַ קליינעם יינגעלע, אַ זונעלע גאָר פֿיין,
ווען איך דערזע אים דאַכט זיך מיר די גאַנצע וועלט איז מיין״.
אַ מיידל פלעגט אַמאָל זיך נעמען זינגען שטיל,
נאָר מיט אַזויפיל האַרץ און בענקענדיק געפיל:
„אַ חלום, אַ חלום, אוי האָט זיך מיר געחלומט.
אַ חלום, ליובע, האָט זיך מיר געדאַכט, אוי געדאַכט״.
אַן אַנדערש מאָל האָט ווער זיך אָן אַ ליד דערמאָנט
וואָס ער האָט נאָך אַמאָל אין דער היים געקאָנט,
און באַלד צעקליינגט זיך אין דעם שאַפ דאָס ליד
פון דעם פאַרשקלאָפטן אַרבעטסמאַן קריסט און ייד.
אַמאָל האָט ווער גענומען זינגען מיט געוויין
דאָס ליד פון קראַנקן דיכטער ביי זיין אונטערגיין:
„אָ, מוזע, רוף מיך ניט מיט דיינע צויבער פינגער,
וועק ניט די סטרונעס פון מיין קראַנקער האַרץ״.
האָט באַלד אַן אַנדערער געענטפערט מיט אַ ליד
וואָס האָט די הערצער אָנגעצונדן און געבריט:
„איך הער דיין שטימע, די שטימע פון דער וואַרהייט,
דעם קול פון דעם ווירקלעכן אַרבעטער פריינד״.
אַמאָל האָט ווער גענומען זינגען ווי באַטריבט
דאָס ליד וואָס איז געווען ביי אַלעמען באַליבט:
„פאַר איך, מיינע ליבע, פאַראָרעמטע ברידער,
וואָס שאַפן און האָבן קיין ברויט״.
אַזוי אַ ליד נאָך ליד פון שטורעם, קאַמף און דראַנג,
וואָס האָט באַגייסטערט מיט דעם וואָרט און קלאַנג.
די לופט אין שאַפ וואָס האָט געוואָרגן און געשטיקט,
איז ריין געוואָרן פון די לידער ביים געניי,
ס׳איז טאַקע שווער געווען די נויט וואָס האָט געדריקט,
נאָר אין די לידער איז געווען אַ טרייסט פאַר זיי.
און קומט די צייט פון עסן, דערציילט מען זיך די רייד
פון דעם און יענעם רעדנער וואָס ער האָט געזאָגט;

פלאַם פייערדיקע רייד פון צרות און פון נויט,
וואָס זאָגן אַז דער אָפּרייטער טאָר ניט זיין געפּלאָגט.
— איז דאָס אַ רעדנער, — אָט דער דזשייקאָב פּענקין דאַרט!
זאָגט איינער צו אַ צווייטן, — ווי גאָלד איז יעדער וואָרט,
עס שיטן זיך די ווערטער ווי פּערל פון זיין מויל,
ווען ער נעמט מאָלן אונדזער לעבן פול מיט גרויל,
און ווי געפעלט דיר יענער? ווי הייסט ער? מאַקס פּיין,
האָט איינגעשפּאַרט זיך נאָר אַ יוניאָן זאָל אים זיין!
מיר זאָלן מער ניט וויסן פון צרות און פון פּלאָג,
און אַרבעטן ווי מענטשן, נאָר צען שעה אַ טאָג!
וואָס זאָגסטו צו אַב. קאַהאַנען? דו האָסט דען אַ באַגריף
וואָס דאָס איז פאַר אַ רעדנער? אי פּשוט און אי טיף!
און באַראָנדעס! ווען ער ווערט זייער שטאַרק צעהיצט,
נעמט דוכטן אַז עס דונערט, שטורעמט און עס בליצט.
ווען ער הייבט אָן צו שרייען, ציטערן די ווענט
אַז מיר אָפּרייטערס האָבן מענטשן זיין געקענט!
און מאָריס הילקוויט, מייער לאָנדאָן, ווער זיינען זיי?
אָפּרייטערס אָט ווי דו און איך ביי דער געניי,
נאָר הייבן זיי אָן ריידן, פאַרגעסטו וואו דו ביסט,
דערזעסט אַ וועלט וואו קיינער אַרבעט ניט אומזיסט!
און דער יאַנאָווסקי, אַז איך הייב ניט אָן פאַרשטיין
וואו נעמט זיך אַזאַ גבורה צו אַ מענטשן הויט און ביין?
אַז ער הייבט אָן צו ריידן, איז ווי אַ שטורעמווינט
וואָלט דיך פאַרטראָגן צו אַ וועלט וואָס אייביק גרינט!
אַזוי דערציילט מען זיך ביים עסן נאָכאַנאַנד
וואָס איינער האָט גערעדט און אַ צווייטער האָט געזאָגט,
ווי ווייַנבערג דער אַנאַרכיסט איז אַ ריזיקע שטיק בראַנד,
און דער בעקער גאָלדשטיין האָלט אַלעמען געשפּאַנט
און היינט? איך הער זיך צו פון וואָס זיי רעדן דאַרט,
נאָר עפּעס קען איך ניט פאַרשטיין קיין איינציק וואָרט,
„צוויי דזשעקס, דריי קינגס, אַ פולע הויז, אַ סטרעיט״,
און גיי פאַרשטיי אַזעלכע מאָדנע רייד!
און רעדט מען ניט פון דעם, איז פּאָליטיקע פאַראַן,
איעדער וויל באַווייזן אַז ער איז נאָר גערעכט,

מען שלעפּט צו רעכטס און לינקס דעם זעלביקן געשפּאַן
וואָס וועט פֿאַרפֿירן וואו ס׳איז ערגער נאָך ווי שלעכט.
צי אפֿשר בין איך אַלט און פֿאַרשטיי ניט דעם באַדייט
פֿון אָט די נײַע רייד און פֿון דער נײַער צײַט.
און אויך די מיידלעך זיינען היינט פֿון זעלבן מין,
זיי רעדן אויך אַזעלכע מאָדנע רייד אָן זין.
„איך האָב געזאָגט, ער האָט געזאָגט״, מער קיין אַנדער וואָרט.
נאָר וואָס זיי האָבן זיך געזאָגט, זאָגן זיי ניט אויס,
ווי ס׳וואָלט אַ מוראדיקער סוד געלעגן דאָרט,
וואָס טאָר חלילה צו דער גרויסער וועלט אַרויס!
זיי זינגען היינט אויך לידער, אוי לידער זינגען זיי,
איך זאָג דיר ס׳איז שוין שענער מיין הייזעריק געדריי,
ווען זיי צעזינגען זיך: „אוי, יאָסל, יאָסל, יאָסל״,
צי „די שוואַרצע נאַטאַשע״ אָדער „אַ פֿאַפּיראָסל!״
ניטאָ קיין קאַמף און בענקשאַפֿט, ניטאָ קיין פֿרייד און לייד
אין אָט די פּוסטע לידער אונדי פּוסטע רייד.
יאָ, נײַע צײַטן, שוועסטערל, ניט דאָס וואָס איז געווען,
און יענע „גוטע״ צײַטן וועל איך מער ניט זען.

אַנטשוויגן איז געוואָרן די אַלטע ניי־מאַשין,
ווי עפּעס וואָלט אַוועקגעטראָגן איר אַהין
צו יענער צײַט ווען זי איז נאָך געווען יונג און שטאַרק
ווען ס׳האָט זי אַן אָפּרייטער געטראָגן אויף זיין קאַרק.

דער טונקעלער באַגינען האָט די פֿאַרשטויבטע שויב
מיט נאַסע פֿינגער אָנגערירט און דורך דעם שטויב
האָט ווי האַלב־בלינד אַרײַנגעקוקט דער מזרח־זײַט,
די שאָטנס זײַנען פֿון די טונקל־גרויע ווענט
ווי אָפּגעווישט געוואָרן פֿון ניט באַמערקטע הענט.
די גאַס האָט אָנגעזאָגט: דער טאָג איז שוין ניט ווייט.

# שטעפּ איך מיר אַ קליידל

שטעפּ איך מיר אַ גרינע קליידל —
שטעפּ, שטעפּ, שטעפּ.
מאָלט זיך אויס פאַר מיר אַ מיידל:
ווי דער בליט ביי פרישע קוואַלן,
מאָרגן זון מיט וואַרעמע שטראַלן
פאַלן פון אַ הימל ריינעם
אויף אַ יונגן טאָג אַ שיינעם,
און צעלאָזטע צעפּ!

שטעפּ איך מיר אַ רויטע קליידל —
שטעפּ, שטעפּ, שטעפּ.
מאָלט זיך אויס פאַר מיר אַ מיידל:
ווי אַן אויפגערייצטער פאַנטער,
ווי אַ פלאַקער אויפגעפלאַמטער
צינדט און ברענט אויף זיינע וועגן
אַלץ וואָס קומט אים אַן אַנטקעגן —
זון צעגליטער סטעפּ!

שטעפּ איך מיר אַ ווייסע קליידל —
שטעפּ, שטעפּ, שטעפּ.
מאָלט זיך אויס פאַר מיר אַ מיידל:
אַזאַ איידעלע און צאַרטע,
אַ פאַרבענקטע, אַ פאַרטראַכטע,
מיט צוויי גרויסע שוואַרצע אויגן,
שלאַנק — אַ סטרונע אויף אַ בויגן,
און צוויי לאַנגע צעפּ.

שטעפּ איך מיר אַ בלויע קליידל —
שטעפּ, שטעפּ, שטעפּ.

מאָלט זיך אויס פֿאַר מיר אַ מיידל:
מיט אַן אומעט אין די אויגן
וואָס אַ חלום איז פֿאַרפֿלויגן,
וואָס אַ האָפֿענונג איז צערונען,
גליק געזוכט און נאָר געפֿונען
יאָרן, שלעפּ און שלעפּ.

שטעפּ איך מיר אַ שוואַרצע קליידל —
שטעפּ, שטעפּ, שטעפּ.
מאָלט זיך אויס פֿאַר מיר אַ מיידל:
ווי אַ בוים אַן איינגעדאַרטער,
נאָך דער זון און ווינט געגאַרטער,
מוט פֿאַרלוירן, קאָפּ געבויגן,
מיט צוויי אויסגעלאָשענע אויגן
און צוויי גרויע צעפּ.

## צום טרוימער

א. סטאַן. מיט פריינדשאַפט.

אָט דער וואָס טרוימט און שאַפט און בויט,
און גיט זיין האַרץ אַוועק דער וועלט,
דער לעבט אין גלי פון מאָרגנרויט,
פאַר דעם איז שוואַרצע נאַכט צעהעלט.

דער ווערט פון אידעאַל געפירט
צום גרויסן ציל וואָס איז נאָך ווייט.
זיין טאָט — אַ קרוין וואָס אים באַצירט
און טראָגט אים אין דער אייביקייט.

און גוט איז אים ווען ס'קלעמט אויך צער,
ווען ס'פייניקט נויט און דריקט דעם מוט,
אָט דער וואָס בויט — ער האָט זיין שכר
אין וואָס ער שאַפט און וואָס ער טוט.

אין גרויען טאָג ווען ס'ווייענט דער ווינט
און אַלץ אַרום איז וויסט און שוואַרץ —
דער טרוימער בויט און וועבט און שפינט
דעם חלום אין זיין יונגער האַרץ.

צו דעם וואָס האָט אין שווערן גאַנג
געבויט און ניט געוואָרן מיד, —
געבויט מיט ליבע און געזאַנג —
פאַר אים, צו אים מיין קליינע ליד.

## דער היטער

אַ וואָרט איז פון ווערטער אַ היטער,
אַזוי ווי אַ רינג אין אַ קייט;
אין רינגען ער ליגט אַ געשמידטער,
און היט זיי געבונדענערהייט.

נאָר רייסט זיך די קייט ווען פאַנאַנדער,
און ס'ווערן די רינגען צעשפּרייט,
בלייבט רינג אויך אַ רינג ווען באַזונדער,
ס'איז אָבער ניטאָ מער די קייט.

# צום ערשטן מאַי

שטילער, שטילער, ווייטער, ווייטער,
ווערן קלאַנגען וואו פאַרקלונגען,
פון די לידער וואָס געזונגען
האָט די יוגנט אין געלייטער —

ווען דער פייערדיקער רייטער
האָט געיאָגט זיך און געשטורעמט
און דעם מאָרגן אויסגעפורעמט
פאַר אַ מענטשהייט אַ באַפרייטער.

שטילער ווערן אַלץ די קלאַנגען,
ווי אַן עכאָ פון געזאַנגען
אין דעם קאַמף צו ווערן פריי.

שטיל פון ווייט קלינגט־אָפּ אַ ניגון
נאָר דאָס בענקען צו פאַרוויגן
נאָך דעם ליד פון ערשטן מאַי.

# צום אַרבעטער

און אַז איר קריגט אַ שטיקל ברויט —
וואָס קומט אַרויס?
עס לאַכט אַלצאיינס די בייזע נויט
פון אייך זיך אויס.

און אַז איר קריגט אַ שטיקל פלייש,
איז אייך שוין זיס?
איר צאָלט אַלצאיינס מיט בלוט און שווייס
פאַר יעדן ביס.

און אַז איר קריגט אַ האַרטע בעט,
אַן אָרעם קלייד,
איר לעבט אַלצאיינס פון פרי ביז שפּעט
אָן וועלכער פרייד.

ניט פלייש און ברויט אַליין אייך פעלט,
ניט בעט און קלייד,
נאָר פריי זיין אין אַ פרייער וועלט,
אָן צוואַנג און קייט.

1918

# סעפּטעמבער נעכט

קאַלטע נעכט וואָס וואַרעמען
מיט אַ בלייכן שיין,
שטילע נעכט וואָס ליאַרעמען
אין דער וועלט אַריין.

נעכט וואָס רעדן שטומערהייט
פון דעם תהום אַרויס,
נעכט ווען ס'מישט זיך טיפע פרייד
מיט אַן אומעט אויס.

העלע נעכט אין טונקל־בלוי,
ציען ערגעץ־וואו,
דורך אַ זילבערדיקן־גרוי,
און פאַרחלומט רו.

סודות אין אַ סוד געהילט,
טראָגן זיך אַרום,
רונד אַרום עס זינגט און שפּילט,
קלאַנגען אומעטום.

טראָגן זיך פון וייטן הויך
פון דעם כישוף־בלוי,
רופן, גלעטן צאַרט און ווייך,
און פאַרבענקט אַזוי.

עפּעס מעלאַנכאָליש וויגט,
און פאַרוויגט די נאַכט,
די סעפּטעמבער־נאַכט וואָס ליגט
דרימלענדיק און וואַכט.

# אין די בערג

אַרום און אַרום שטייען בערג ווי גיגאַנטן,
געשלאָסן אינאיינעם אין שטיינערנער ריי,
און האַלטן זיך איינס אין דעם צווייטן געקלאַמערט
און היטן די אַרומיקע וועלט צווישן זיי.

צעשפּרייט ליגט דער הימל אויף זייערע שפּיצן,
געבויגן האַלב־רונדיק ווי אַ זעגל פון זייד,
וואָס האָט זיך פון באַרג־ווינט פאַנאַנדערגעבלאָזן,
און שווימט אין אַ העל־בלויען ים ערגעץ ווייט.

עס שטייען די ריזיקע שומרים און היטן
דעם טאָל מיט די ביימער, דעם טייך און דאָס פעלד.
עס שמייכלען פון אויבן די זון און לבנה,
פון אונטן — אַ כישופדיק וואונדערלעך וועלט.

עס שווימען די וואָלקנס אין שניי־ווייסע זעגלען,
פאַרטראָגן די סודות פון וועלט צו דער ווייט,
די סודות פון בערג, פון טאָלן און טייכן,
פון פעלדער און וועלדער, פון רוים און פון צייט.

# אין פרילינג

די שפּיצן־ביימער נעמען זיך צוזאַמען,
די גרינע צווייגן פלעכטן זיך צונויף,
און אין די פעלדער, וועלדער, אויף די ימים —
צעפליגלען זיך די פייגל הויך אַרויף.

אויך הערצער ווערן יינגער אין די פלאַמען
פון פרילינג, עפּעס צינדט זיך אָן און רעגט
ווען ס׳פאַלן זיך פאַנאַנדער ווינטער־צאַמען,
און עפּעס פיינלעך זיס אין האַרצן וועקט.

עס מאַניעט פון דער הויך דער טיפער הימל,
עס זאָגט אַזויפיל צו די ערד אין גרין,
אַ חלום וויקלט איין די וועלט אין דרימל,
אַ נייער לעבן בליט מיט אַ נייעם זין.

# מיין קינדער־וועלט

איך האָב ליב די קליינע קינדער,
ווייל אַ קינד בין איך אַליין.
צווישן קינדער ווער איך יינגער
און מיר קאָנען זיך פאַרשטיין.

שפּיל איך זיך אין זייפנבלאָזן
פון קאָלירן אַלערליי,
פּלאַצט איינס — נעמען מיר גלייך לאָזן
אין דער לופטן אַנדערע צוויי.

קוקט אַראָפּ דער הימל בלויער
אויף אונדז קינדער אַזוי רייך,
גייט פון האַרץ אַוועק דער טרויער
און די וועלט ווערט אַזוי שיין.

הער איך ווי די פייגל זינגען
און אַ טייכל רוישט דערביי.
שליסן מיר זיך איין אין ריינגען
און מיר טאַנצן פריילעך, פריי.

שפּילן קינדער און זיי טאַנצן
אין אַ קאַראָהאָד געדריי,
טאַנץ איך מיט און ווער אינגאַנצן
ווי אַ קינד ווען כ׳טאַנץ מיט זיי.

## פרימאָרגן ביים ים

פאַרהילט ליגט דער ים אין אַ נעפּל אַ בלייכן,
פאַרוויגט אין דעם טונקעלן גרויען פרימאָרגן,
און איבער אים רייסט זיך אַרויס פון די הויכן
אַ ליכט וואָס די נאַכט האָט געהאַלטן פאַרבאָרגן.

פון דעם האָריזאָנט שווימט אַרויס באַלד אַ זעגל
אַזוי ווי אַ כישופדיק פייגל אין ווייסן,
און הייבט־אָן מיט שאַרפע און זילבערנע נעגל
דעם גרוי־בלייכן נעפּל פון מאָרגן צו רייסן.

און ווייט אין דער הויך האָט דער טיף־בלויער הימל
אַזוי ווי אַ זעגל פון זייד זיך געצויגן,
און באַלד איז פון טונקעלן נאַכטיקן דרימל
דער חלום פון ים אין די הויכן פאַרפלויגן.

דער מאָרגן האָט ברייט זיינע זוניקע אויגן
צעעפנט און איבערן ים געלאָזט פאַלן
די טויזנטער פאַרבן ווי פון רעגנבויגן
דורך בונטע צעפאַלענע זוניקע שטראַלן.

דער ים האָט צעשפילט זיך, געגלאַנצט און געשפיגלט
און איבער אים האָבן די פייגל געפליגלט.

# מיט ציגײַנער

מיכל געלבארט אַ מתנה.

מיט ציגײַנער ליבער מײַנער,
איז דאָך גוט צו גײן,
אַלע זינגען, גלעקלעך קלינגען,
גיטאַרעס שפּילן שײן.

שווער איז אײנעם וואָס האָט קײנעם
אין דער גרויסער שטאָט,
קײנער קען דיר, ביסט אַ פרעמדער,
קעלט אויף יעדן טראָט.

מיט ציגײַנער ליבער מײַנער,
וואַנדער אין דער וועלט,
אויגן גלאַנצן, הערצער טאַנצן,
לעבסט ווי דיר געפעלט.

נאָר אין וואַנדער מיט אַן אַנדער
הײמלאָזן ווי דו —
שפּאַן אין ברײטן וועג, באַגלײטן
וועט דיר נשמה רו.

## זאָס פייערל

פון רוסיש

דאָס מיידל האָט איר חבר צום קאַמף אַרויסבאַגלייט,
אין נאַכט זיך אָפגעזעגנט, ביים טויער זיך צעשיידט,
נאָר אין דער טונקעלער ווייט האָט ער נאָך זען געקענט —
ווי ס'האָט ביי איר אין פענצטער אַ פייערל געברענט.

ער האָט דאָרט אויפן קאַמף־פּלאַץ באַגעגנט גוטע פריינד,
חברים, קעמפער קעגן דעם פאַרהאַסטן פיינט,
נאָר ס'מיידל זיינס פאַרגעסן האָט ער ניט געקענט,
און ס'געסעלע און פייערל וואָס אין פענצטער ברענט.

זיין חברטע האָט אים געשיקט אַ גרוס פון ווייט,
איר ליבע זיין וועט אייביק ווי דער רוים און צייט,
דאָס גליק פון ליבע וועט זיי קיינמאָל ווערן פרעמד,
און ניט פאַרלעשן זיך וועט ס'פייערל וואָס ברענט.

זיין אומרו איז אַוועק און גרינג איז זיין געמיט,
פון אירע בריוו וואָס האָבן ס'האַרץ אין אים צעגליט,
פאַרביילט ער קעגן שונא נאָך שטאַרקער זיינע הענט,
פאַר ס'געסעלע און פייערל וואָס אין פענצטער ברענט.

## ווער קאָן פאַרשטיין?

צי האָט ווער פאַרשטאַנען, צי קאָן מען פאַרשטיין
די זון אין איר אויפגאַנג, די זון אין פאַרגיין?
דעם מורמל פון ים אין זיין צופלוס צום ברעג,
ווער טרייבט אים אַהער און ווער טרייבט אים אַוועק?

צי האָט ווער פאַרשטאַנען, צי קאָן מען פאַרשטיין
דעם ווינט מיט זיין רוישן, געברויז און געוויין?
צי האָט ווער פאַרשטאַנען דעם דיכטערס געמיט
וואָס רעגט אים צו שפינען און שאַפן זיין ליד?

צי האָט ווער פאַרשטאַנען, צי קאָן מען פאַרשטיין
פאַרוואָס רעגט דאָס האַרץ ביי דיין נאָמען אַליין?
פאַרוואָס צינדט זיך אָן דער פאַרגאַנגענער זיין
מיט ווייטיק און ליבע, בענקונג און פיין?

די זון וועט פאַרגיין און וועט קומען צוריק,
און איך וועל דיר זען מיט מיין זוכנדיק בליק,
פון צווישן די טויזנטער זען דיר אַליין.
פאַרוואָס? דאָס וועט קיינער און קיינמאָל פאַרשטיין!

# מיין ליבע

ניט מיט יענער ליבע וואָס עסט אויף און פאַרצערט —
האָב איך דיך ליב.
ניט מיט יענער ליבע וואָס רייצט אויף און באַגערט —
האָב איך דיך ליב.
נאָר ווי דעם זוניק מאָרגנפרי,
און ווי דאָס פעלד אין איר צעבלי,
אין גרין און גאָלד —
האָב איך דיך האָלט.
ווי דעם אויפשפּראָץ פון דעם בליט
און דעם וויאלעט־רויטן צוויט
אויפן פעלד —
ווען ס׳פאַלט אויף זיי די זון צעהעלט —
האָב איך דיך ליב.
ווי דעם שימער אין סעפּטעמבער־נאַכט
וואָס פאַרוויגט דעם אומרו אין געמיט,
ווי דעם חלום וואָס דו האָסט מיר געבראַכט
פאַר מיין ליד —
האָב איך דיך ליב.

איך האָב דיך ליב
ווי די זון אין איר פאַרגיין
איבערן ים
שפּיגלט זיך אין וואַסער בלוי,
צינדט דעם האָריזאָנט
אין קאַלטן פלאַם.
און אין פייער שטייט
דער באַרג פון שטיין,
ווי די זילבער־טראָפּן
פון דעם מאָרגן־טוי —
האָב איך דיך ליב.

איך האָב דיך ליב —
ווערט דער ווייטער הימל
נעענטער מיר.
ווערט די האַרטע ערד
ליבער מיר.
ווערט די איינזאַמקייט מיר גרינגער
צו טראָגן און פאַרטראָגן.
ווערט דאָס האַרץ מיר יינגער. —
ווייל איך האָב דיר ליב.

# דו האָסט מיך ניט ליב

פון רוסיש — סערגעי יעסענין

ניט דו האָסט מיך ליב און ניט באַדויערסט,
בין איך דען אַזוי ניט שיין פאַר דיר?
קוק אויף מיר ניט מיט דיין שרעק און טרויער,
נעם אַרונטער דיינע הענט פון מיר.

יונגע, רייצנדיקע, פאַרביסענע, באַגערטע,
כ׳בין צו דיר ניט אייגן און ניט פרעמד,
זאָג מיר, וויפל האָסטו שוין געצערטלט?
וויפל זאָג, געדענקסטו ליפּן, הענט?

כ׳ווייס, ווי שאָטנס זיינען זיי געוועזן,
ניט צעבלאָזנדיק דיין פלאַם אין דיר,
ביסט ביי פילע אויף די קני געזעסן,
איצטער זיצסטו פונקט אַזוי ביי מיר.

לאָזט אַראָפּ די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן,
און דו זעסט אַ צווייטן אין געדאַנק,
אויך מיין ליבע איז דאָך לאַנג פאַרפלויגן
אויף מיין לאַנגן וועג און ס׳טוט ניט באַנג.

רוף ניט מזל דאָס וואָס איז פאַרלאָפן,
יענעם לייכטזין וואָס האָט אָנגערעגט,
ווי איך האָב דיך אומגעריכט געטראָפן,
וועל איך רואיק שמייכלענדיק אַוועק.

דו וועסט אויך גיין וואו דיין וועג וועט פירן,
וואַרפנדיק די טעג אָן פרייד צום ווינט,
זאָלסט נאָר ניט געקושטע ניט באַרירן,
ניט געצונדענע רייץ ניט און ניט צינד.

וועסט מיט יענעם ווען אַרויס שפּאַצירן
פלאַפּלענדיק פון ליבע, זיין געטריי;
קען זיין אַז מיין וועג זאָל צו דיר פירן,
און מיר וועלן טרעפן זיך אויפסניי.

צו זיין אַקסל וועסט דיין קאָפּ אַ בויג טאָן,
און „גוט אָוונט" זאָגן שטילערהייט,
וועל איך רואיק אויך מיין קאָפּ אַ נויג טאָן,
און „גוט אָוונט" ענטפערן אָן פרייד.

ווייל אין האַרץ איז גאָרניט מער געבליבן
וואָס זאָל מאַכן די נשמה שווער,
דער וואָס האָט געליבט קען מער ניט ליבן,
אָפּגעברענטע קענסט ניט צינדן מער.

# טיימס סקווער

אין דער לענג און אין דער ברייט —
נאָר מען גייט און מען גייט און מען גייט —
דער אַהין און דער אַהער
אויף דעם טומלדיקן סקווער.
מען גייט — ווייל קיינער קען ניט שטיין,
מען צווינגט צו גיין און גיין און גיין,
דער גיט אַ שטויס, דער גיט אַ דריק,
אַ טראָט פאָרויס, אַ טראָט צוריק
אַז יעדער איז אין יעדנס וועג,
און שטופּט זיך איינער צו אַ ברעג —
פאַרהאַלט ער אַנדערע אין גאַנג,
און מאַכט נאָך גרעסער דעם געדראַנג.
און האַלסט זיך אָן אָן זיך אַליין
דו זאָלסט דאָרט ניט פאַרלוירן גיין.
דו דאַרפסט צו וועסט און גייסט צו איסט
און ווייסט ניט קיינמאָל וואו דו ביסט,
ניט וואו איז וואו, ניט ווער איז ווער,
אויף טיימס סקווער.

טאָג און נאַכט עס הערט ניט אויף,
ניטאָ קיין רו, ניטאָ קיין שלאָף,
נאָר מען גייט אַלץ אָן אַ שיעור,
דו אויף דעם און דער אויף דיר.
איינער טרעט אויף דיינע פיס,
אַ צווייטער גיט דיין זייט אַ ריס,
איינער דריקט דיר צו אַ וואַנט,
אַ צווייטער קוועטשט דיר צו האַנט,
דאָ גיט דיר ווער אין קאַרק אַ שטויס —
אַז דאָס האַרץ פאַלט שיער אַרויס.
מיידסט אויס איינעם מיט אַ בויג —

קריכט דיר אַן אַנדערער אין אויג.
כאַפּסט פאַר ווייטיק אָן דעם קאָפּ —
פאַלט ביי דיר דער הוט אַראָפּ,
כאַפּסט דעם הוט און פאַלסט אַליין,
ס׳איז ניט צו גיין און ניט צו שטיין.
דער שלעפּט דיין ראָק, דער האַלט דיין הוט,
דו פילסט ווי ס׳קאָכט אין דיר דאָס בלוט.
און ווערסטו פון זיי ענדלעך פריי —
וואַקסט פאַר דיר אויס דער טראַמוואַי.
אַלץ איז אָפּהאַלט דאָרט און שטער —
אויף טיימס סקווער.

אַ פּאָרל גייט געאָרעמט פיין,
נאָר פּלוצעם רייסט זיך ווער אַריין
צווישן זיי ווי אַ שטורעמווינט,
און איינער פון דעם פּאָר פאַרשווינדט...
נאָר באַלד דערפילסטו ווי אַ האַנט
האָט דיין אָרעם איינגעצאַמט,
דו גיסט אַ קער זיך באַלד מיט פרייד
און זעסט אַ פרעמדער מענטש דאָ גייט.
פאַרריסן מיטן קאָפּ אַרויף
שטייט איינער און ער הערט ניט אויף
צו ציילן ציילן נאָכאַנאַנד
די פענצטער אויף אַ הויכער וואַנט.
נאָר באַלד דערלאַנגט מען אים אַ שטויס
און ס׳מישן זיך די פענצטער אויס.
גיי צייל דאָרט פענצטער ווען עס וואַרפט
דיר אַ קדחות הין און הער.
און סתם צו וואָס האָט ער באַדאַרפט
גיין ציילן פענצטער אויף טיימס סקווער?
אַ מענטשן־מאַסע קומט געשפּאַנט
ווי אַ צייטונג דרייט זיך אויף אַ וואַנט
מיט די סאַמע לעצטע נייס
פון גאָר דער וועלט אָן איבעררייס.

נאָר אײדער כאַפּסט אַ וואָרט אין צײַט —
ביסט שוין אויף דער צווייטער זייט,
אַז ס׳וואַרפט דיך אום אַהין, אַהער,
אויף טײַמס סקווער.

טעאַטערס ווינקען דיר פאַרשײַט:
וואָס שטײסטו ווי אַ נאַר פון ווײַט?
דאָ האָסטו דראַמע, דאָרט בורלעסק,
אָט דאָ איז וואָדעוויל — גראָטעסק.
און מואווים, אָפּערעס, קלײב־אויס,
און קום אַרײַן, די נאַכט איז גרויס!
דו קריגסט דאָרט וואָס דײַן האַרץ נאָר גלוסט,
אַקטריסעס — איבעראַל באַוואוסט,
אַקטיאָרן — העלדן אײנס און אײנס
וואָס מען האָט גאָר ניט אַזױנס!
דאָ ווינקט צו דיר אַ מוזיק האָל,
דאָ ווײַזט מען קונצן, דאָרט אַ באָל,
דאָ — רעסטאָראַנען ליכטיק, שײן,
און ווײסט ניט וואו אַפּריער גײן,
ווײַל אַלצדינג ווילט זיך דאָרט זען,
נאָר אויב חלילה אײנער קען
אינעווייניק ניט אַרײַן
צו זײַן ביטערן פאַרדראָס —
ווײַל עס פעלט אים אויס מיט וואָס...
און אַז ס׳פעלט אויס אײנעם געלט,
וואָס־זשע טויג די שײנע וועלט
מיט דעם רײַץ און מיט דעם שײַן?
קוויקט ער זיך מיט עלעקטריק־שײַן
וואָס רײַצט און כישופט אָן אויפהער
אויף טײַמס סקווער.

אַ ראַדיאָ דאָ, אַ ראַדיאָ דאָרט,
נאָר קענסט ניט אויפכאַפּן קײן וואָרט,
עס זינגט און שרײַט פאַרטומלט ווערסט,

דו הערסט און הערסט ניט וואָס דו הערסט.
דאָ סימפּאָניע, דאָרטן דזשעז,
און ווערסט ניט טויב ווי דורך אַ נס.
דאָ זאָגט דיר איינער עפּעס אָן,
נאָר ווייסט ניט וואָס ער הייסט דיר טאָן.
ס׳קלינגט און ס׳פּייפט מיט ווילד געבריל,
עלעקטריק־קאַר, אויטאָמאָביל,
און אַלץ צוזאַמען מישט זיך אויס
אין איין פאַרטויבנדיק געברויז,
ווי אַ שטורעם אין אַ וואַלד
וואָלט צעיאָגט זיך מיט אַ גוואַלד
און וויגט די ביימער הין און הער — —
טיימס סקווער!

בי־עם־טי און אַי־אַר־טי.
ווייסט ניט וואו און ווייסט ניט ווי.
דאַכט זיך איינס און ס׳איז דאָך צוויי,
אַז ס׳דרייט זיך אַלץ אין געדריי.
דו איילסט זיך צו דער אַי־אַר־טי,
און פאַרקריכסט צו דער בי־עם־טי,
און ביז דעם טעות האָסט דערקענט,
האָט דיר געקאָסט דערוויל פינף סענט.
פאַרהאַלטסו איינעם: מיסטער פּליז,
איך בין פאַרקראָכן, זאָגט וואו איז
די בי־בי־בי — טי־בי־די־טי?
ערשט יענער גיט מיט האַסט אַ פלי,
ער האָט אויך דערזען מיט שרעק —
אַז ער איז אַנדערשוואו אַוועק.
לויפט ער אַהין און דו אַהער
אין ווילדן דזשאַנגל אין דער ערד
וואו קיינער ווייסט ניט דעם פאַרקער,
און ענטפערט ווער — איז פּונקט פאַרקערט.
אַ צווייטן ניקל וואַרפסט אַריין
אין דער אייזערנער מאַשין,

ס׳קומט אָן אַ באַן, דו פאַלסט אַריין,
און פאָרסט אַהער ווען דאַרפסט אַהין.
און ווען דו קריכסט צוריק אַרויס
און גיסט אַ דריטן ניקל אויס
און פאָרסט שוין ענדלעך אָפּ מיט גליק —
דערזעסטו אַז דו פאָרסט צוריק...
דאַרפסט אַהין און פאָרסט אַהער,
צוריק אויף טיימס סקווער.
אַרויף אַראָפּ, אַראָפּ אַרויף,
ניטאָ קיין אָנהייב און קיין סוף,

ס׳גיסט זיך, ס׳פּלייצט דער מענטשן־שטראָם
ערגעץ אין אַ טיפן תהום.
אַ ברויזנדיקע כוואַליע ווערט
פאַרשלונגען ערגעץ אין דער ערד,
און ס׳וואַרפט די ערד צוריק אַרויס
אַ מענטשן־מאַסע אין געברויז,
צעבערעקלט זיי אַהין, אַהער,
אויף טיימס סקווער!

# דער ניקל

האַלאָ! איר דערקענט מיך? פאַרגעסן ווי אַן טויט!
איך בין דער ניקל דאָך! אַן אַלטער גוטער פריינד
וואָס האָט ניט איינמאָל אייך געראַטעוועט פון נויט
ווען ס׳האָט דאָס גוטע שיינע מזל מיר געשיינט.

נאָר היינט? נו מילא, מען דאַרף מיך שוין ניט מער,
האָב אָפּגעשפּילט מיין ראָלע און אָפּגעשפּילט מיין צייט.
ניט וויסן זאָל מען ווי ס׳איז ביטער און ווי שווער
צו זיין אַן אָפּגענוצטער און ליגן אַן אַ זייט.

און שעמען זיך צו טרעפן מיט אַן אַלטן פריינד,
נאָר לעבן מיט דעם וואונדערלעכן גלאָררייכן אַמאָל,
ווען ס׳האָט מיין בלייערנער פּנים פאַר אייך געשיינט,
און ווי אַ סימפאָניע געקלונגען האָט מיין קול.

איר האָט פאַרגעסן יענע לאַנגע נעכט און טעג
ווען איר האָט אַ פאַרצווייפלטער געזוכט מיך אומעטום,
ווען כ׳בין געווען ביי אייך דער איינציקער פאַרמעג,
מיט מיר איז אייער יחוס אויסגעוואַקסן אין אַרום.

געדענקט איר ווי איר האָט אין יענער גוטער צייט
געקויפט זיך פאַר אַ ניקל מיט אַ פרייער האַנט
אַ ברויטל מיט אַ הערינג און ווי אַ וואַזשנער לייט
געלאָזן וואוילגיין זיך אַ פאָר טעג נאָכאַנאַנד?

געדענקט איר ווי איר האָט פאַר אַ ניקל זיך געקויפט
אַ פּאָר סיגאַרן באַלד אַ האַלב אַרשין די לענג
און האַלטן אַ סיגאַר אין מויל ווי צוגעשרויפט,
און אומגיין ווי די וועלט וואָלט זיין פאַר אייך צו־ענג?

געדענקט איר ווי איר פלעגט אַריינגיין אין קאַפיי
בלויז זען דאָרט עמעצן און אָפּזיצן אַ נאַכט,

און פאַר דעם ניקל וואָס עס האָט געקאָסט די טיי
צי ס׳גלעזל קאַפּע האָט איר אַ נאַכט פאַרבראַכט ?

געדענקט איר ווי איר פלעגט אַרומפאָרן ניו־יאָרק
פון בראָנקס צו קוני־איילאַנד פאַר אַ ניקל בלויז,
און אַלעמאָל געפינען, אָן האַרצווייטיק, אָן זאָרג,
אַן אָרט צו זיצן ווי אַ גראַף ביי זיך אין הויז ?

ס׳איז איצט געבליבן מיר בלויז איין־אייגציקע טרייסט:
דער טעלעפאָן. מען דאַרף מיך אַלץ נאָך האָבן דאָרט,
נאָר כ׳הער שוין ווי דער דאַים באַרימט זיך דאָס ער ווייסט
אַז באַלד וועט ער פאַרנעמען אין טעלעפאָן מיין אָרט.

ניט לאַנג וועט אָבער דויערן און ער וועט זיין ווי איך
און ווי די פּעני, וועמען קיינער דאַרף שוין ניט.
מען וועט דעם דאַים, פּונקט ווי מיך, פאַרגעסן גיך,
דאַן וועלן מיר פאַרגעסענע ליגן זאַלבעדריט.

# אוי, די גראַמען!

קומט אַריין צו מיר אַ שכן
מיט אַ קול פון צער געבראָכן,
ס׳איז זיין פּנים אויסגעצויגן
און מיט טרערן פול די אויגן.

וואַרט איך — ביז ער הייבט אָן רעדן:
— בלייבן זאָל דאָס ביי אונדז ביידן,
ס׳איז אַ שאַנדע גאָר צו נעמען
איבעררעדן דאָס פּאָר ווערטער.

ס׳האָט מיין ווייב אַ קרענק באַקומען,
שרייבן האָט זי גאָר גענומען,
וויסט און פינצטער איז מיין וועלט מיר,
גראַמען גאָר האָט אויסגעפּעלט איר!

טאָג און נאַכט עס נעמט קיין סוף ניט,
האָב קיין רו און האָב קיין שלאָף ניט,
ווינט און ווי איז צו דער מאַמען,
וואָס זי זאָגט איז נאָר אין גראַמען.

איר דאַרפט הערן אירע קללות!
נאָר אין גראַמען בלויז און זאָל עס
איר אַמאָל אַ גראַם פאַרזאַמען,
ווי פון קוואַלן קומען גראַמען.

די חדרים ניט געראַמטע,
און פּאַפּירלעך אָנגעגראַמטע
זיינען פול וואו מען קערט זיך,
און די מיסט אין הויז אַלץ מערט זיך.

קום איך פון דעם שאַפּ אַ מידער,
גיט זי אָנשטאָט עסן — לידער,

קאָרמעט מיך מיט אירע גראַמען,
ס׳איז כאָטש נעם און גיי זיך סמען.

פול דער סינק מיט לעפל, טעלער,
מעסער, גאָפּל, און אַלץ שווערער
ווערט דאָס לעבן פון איר שרייבן,
ס׳וועט אין קבר מיך פאַרטרייבן.

קומט זי אין אַ קראָם וואָס קויפן —
נעמען אַלע פון איר לויפן,
ווייל זי דינגט זיך נאָר אין גראַמען
וועלכע האָבן טויזנט טעמים.

ווייסט שוין ניט וואָס דער באַדייט איז
פון זיך אָנטאָן עפּעס לייטיש,
האָט קיין צייט די האָר פאַרקאַמען,
ווייל זי זוכט כסדר גראַמען.

ווען אַמאָל אַ גראַם עס פעלט איר,
ווערט מיר שוואַרץ דער טאָג צעהעלטער,
איך דאַרף העלפן איר געפינען
גראַמען, כאָטש פאַרליר דעם זינען.

אַ פאַרפלייצונג קען מען צאַמען,
אָבער ניט מיין ווייבלס גראַמען,
קענט איר מיר אַן עצה געבן
ווי צו ראַטעווען מיין לעבן ?

---

קוק איך אויף מיין גוטן שכן,
זע ווי ער איז קראַנק, צעבראָכן,
און איך טראַכט און קוועטש די פּלייצע,
ליידער, כ׳האָב פאַר אים קיין עצה...

# צום נייעם יאָר

שוין נאָך די יום־טובים, דעם מחזור באַהאַלטן,
און ווייטער ? ס׳איז אַלצדינג געבליבן ביים אַלטן,
די זעלבע עברות, די זעלבע מחשבות,
מען טרייבט מיטן שטן דעם אַלטן קאַטאָוועס.

און ווי קען אַ מענטש פון עברות זיך היטן,
ווען ס׳לויערט די תּאווה אויף אַלע געביטן,
אַז וואו נאָר דו קערסט זיך קומט עפּעס אַנטקעגן
וואָס רופט און פאַרפירט דיך אויף זינדיקע וועגן.

ווי קען מען פאַרמיידן אַ פריינד ניט באַריידן,
ווען ס׳ליגט אין רכילות דער טעם פון גן־עדן ?
ווען מאַכן צוגלייך מיט דער בלאָטע אַ צווייטן,
מיינט אייגענע גרויסקייט אַביסל צעשפּרייטן.

אַ מענטש האָט צוויי אויגן צו קוקן, טאָ זעט ער,
און ס׳גלוסט זיך... איז מילא, חרטה קומט שפּעטער.
אַבי נאָר די זינד איז געווען אים ניחא,
דערפאַר איז דאָ תּשובה, מחילה און סליחה.

און סתּם ווער האָט כּח דעם שטן באַזיגן ?
מען איז דאָך אַ מענטש נאָר, מען זאָגט אַמאָל ליגן,
מ׳רעדט וואָס מען דאַרף ניט און מ׳טוט וואָס מ׳טאָר ניט,
און נאָכדעם על חטא און די עבֿרה איז גאָר ניט.

# טרוימער

אין אַ קליינעם צימערל
זיצן טרוימער צוויי,
און חלומות ליכטיקע
שוועבן אום פאַר זיי.

איינער חלומט אַז ער איז
ווייט און ברייט באַקאַנט
מיט זיין קינסטלערישן וואָרט,
מיט זיין גרויס טאַלאַנט.

אַז אין יעדער הויז איז דאָ
זיינס אַ נייער בוך...
און ער עסט צען מאָל אַ טאָג,
שלאָפט אויף זייד און פּוך...

און דער צווייטער מאָלט זיך אויס
בילדער אַזוי שיין:
אַז בלויז איין פּאָעט איז דאָ —
טאַקע ער אַליין...

און די וועלט באַצאָלט אים גוט
פאַר זיין יעדע ליד,
אָנערקענונג, כבוד, געלט,
קיין זאַך פעלט אים ניט.

פלוצעם עפנט זיך די טיר
ביי די טרוימער צוויי,
און אַ בייזע יידענע
שרייט אַריין צו זיי:

— צאָלט מיר אָפּ די דירה־געלט
אָדער גייט אַרויס!

צרות האָב איך אייגענע,
כ׳האַלט איך מער ניט אויס!

האָבן זיי זיך אָנגעקוקט
אומעטיק, פאַרטראַכט — —
און מיט טרוימען ליכטיקע
אַרויס אין שוואַרצער נאַכט...

## מאַטראָסן

(באַלאַדע) פון ענגליש

דער ים האָט אויפגעכאַפּט זיך אַ צעברויזטער,
און אין קאָנוואולסיעס האָט געוואָרפן זיך די שיף,
אַ שטרורעם־ווינט אַ ווילדער, אַ צערוישטער,
האָט בערג פון וואַסער געהויבן פון דער טיף.

נאָר אויפן דעק פון שיף זיינען זיך צופרידן
געלעגן צוויי מאַטראָסן, גערייכערט און גערעדט;
ווי סוואָלט דער ווינט ניט רוישן און דער ים ניט זידן,
ווי ס׳וואָלט פאַר זיי געווען די דעק אַ ווייכע בעט.

— איז דאָס געווען אַ מיידל! אַ קוועקזילבער! אַ פייער!
זאָגט איינער מיט אַ טיפער בענקעניש אין קול,
עס וואָלט פאַר מיר ניט זיין קיין זאַך צו שווער און טייער
צו זען דאָס מיידל — דאָס שטיק פייער נאָך אַמאָל!

און מיינע — זאָגט דער צווייטער — איז געווען אַ וואונדער!
אויב דיינע איז אַ פייער, איז מיינע אַ וואולקאַן!
איך האָב געזען שוין מיידלעך, אין יעדן פאָרט באַזונדער,
אַזאַ ווי די איז אָבער אין ערגעץ ניט פאַראַן!

נאָר פלוצעם האָט די שיף געגעבן אַ שטאַרקן ציטער,
— מיר דוכט, עס שטורעמט — הער זיך איין צום ווינט!

איך וואָלט ניט וועלן זיין אין שטאָט אין דעם געוויטער,
מען איז דאָך מיטן לעבן ניט זיכער דאָרט אַצינד!

איך שטעל זיך פאָר ווי ס׳פליען די כלים פון די טישן,
ווי בעטגעוואַנט און מעבל איז אויסגעמישט מיט גלאָז!
ווי אַלץ ווערט דאָרט צעטראָגן, צעוואָרפן און צעריסן
ווען ס׳גיט אויף זיי אַ ליאַדע שטורעם־ווינט אַ בלאָז!

ווי לעבן זיי אין שטאָט ווי אָנגעשאָטענע זוימען?
אָן לופט, אָן ליכט, אין חושך ווי דער טינט,
אַז פרעמד איז זיי די ווייט און דיברייט פון רוימען,
און ס׳וואַרפט זיי אַ קדחת דער קלענסטער שטורעם־ווינט!

— ס׳איז טאַקע דאָרט אויף זיי נעבעך אַ רחמנות!
שטימט־איין דער צווייטער — צו זיין אין שטאָט אַצינד,
אַז יעדער שפּאַן און טראָט איז פול דאָרט מיט סכנות,
ווען ס׳ברעכט דאָרט אויס אַזאַ מין שטורעם־ווינט!

און דאַרפסט זיך היטן פון אַלערליי געפאַרן,
ווי דו וואָלסט גיין אויף אַ צעבראָכן בריק,
זיי קענען מיך אין שטאָט קיינמאָל ניט פאַרשפּאַרן,
איך וועל שוין בעסער קלעטערן אויף וויגענדיקע שטריק!

אַ ווילדער שטורעם האָט די שיף אַרומגעוואָרפן,
נאָר צוויי מאַטראָסן זיינען געלעגן אויפן דעק,
געררייכערט און באַדויערט די מענטשן וועלכע דאַרפן
איצט זיין אין שטאָט אין שטורעם און אין שרעק!...

# יהואש

ווינטער 1911. אין מיין מוח ליכטיקן נאָך אַלץ יענע נעכט מיט יהואשן ווען איך בין מיט אים געזעסן אין זיין האָטעל־צימער און גע־קוקט אויף אים ווי ער ליגט אין דער טונקעלער שטיל פון צימער אַ קראַנקער, אַ ליידנדיקער אָבער אַ הייליקער. דער גאַנצער צימער איז אָנגעפילט מיט אַ מין קדושה און פילט אָן מיין נשמה מיט אַ ציטער.

ווינטער 1911. אַ קליין שטעטל אין קאָנעקטיקוט. איך בין גע־קומען פון באָסטאָן צו טאַטע־מאַמע, ניט זיין מער אין דער פרעמד. איך געפין אין שטעטל אַ גרופּע יונגע־לייט און מיידלעך דורכגעדרונ־גען מיט די אידעאַלן פון דעמאָלטיקן רוסלאַנד. אייניקע פון דער גרופּע זיינען ציוניסטיש געשטימט, אייניקע גייען אין יעיל קאָלעדזש, עטלעכע דרוקן לידער און דערציילונגען אין די יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, דער שפּעטער באַרימט־געוואָרענער נאָוועליסט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד ש. פּערסאָף, וועמען סטאַלין האָט אומגעבראַכט, דער אַמעריקאַנער דיכטער בן צבי (א. שיינוק). מ. סטאָן, דר. מאַנדעל, דער איבערזעצער אין יידיש איבסענס „נאָראַ", „גייסטער" און טשע־כאָווס „קאַרשן־גאָרטן". אין דער גרופּע באַלאַנגען די אינטעלעקטואַלן פון שטעטל, מען פירט דעבאַטן וועגן אַנאַרכיזם, רעליגיע, מאַרקס, ספּענסער, וואָלט וויטמאַן עדגאַר עלען פּאָו, יהואש, ראָזענפעלד. קיין פּאַרזיצער און אַנדערע באַאַמטע זיינען אין דער גרופּע ניטאָ און מען דאַרף זיי ניט חוץ אַ סעקרעטאַר וואָס זאָל אַמאָל זיך דורכשרייבן מיט אַ לעקטאָר פון ניו־יאָרק. איך שליס זיך אָן אין דער גרופּע און באַלד טיילט מען מיר צו דעם כבוד צו זיין דער סעקרעטאַר.

איין טאָג דערהאַלט איך אַ בריוו אַזש פון דענווער, קאָלאָראַדאָ. דער בריוו לייענט זיך: „ווי איר ווייסט, האָבן מיר דאָ אַ סאַנאַטאָריום פאַר די ליידנדיקע פון דער „ווייסער קרענק", די מערסטע פּאַציענטן קומען פון דער איסט. דער סאַנאַטאָריום נייטיקט זיך אין הילף, פאָרן אַרויס אין די אינטערעסן פון דער אינסטיטוציע, די צוויי באַ־רימטע דיכטער — יהואש און יעקב מאַרינאָוו, אויף אַ טור אין דער

איסט. מיר האָבן פון איך געהערט און גלויבן דאָס אייער גרופּע איז די פּאַסיקע אויפצונעמען די צוויי חשובע געסט און העלפן זיי אין דער אַרבעט".

איך האָב גלייך צונויפגערופן די מיטגלידער פון דער גרופּע און איינשטימיק באַשלאָסן צו ענטפערן אַז מיר וועלן טאָן אַלץ וואָס מען קען צו העלפן זיי.

שוין אויף מאָרגן ווערט געגומען דער גרויסער זאַל אין „היברו אינסטיטוט" און מיר נעמען זיך צו דער אַרבעט צוגרייטן דעם קבלת פּנים פאַר די געסט.

דער באַשטימטער אָוונט איז געקומען, דער זאַל איז איבערגעפילט מיט מענטשן פון אַלע קלאַסן. מיר האָבן פּשוט אויפגערודעט די שטאָט; יהואש אין ביו הייווען! אונדזער באַגייסטערונג האָט זיך אַריבערגעטראָגן צו אַנדערע, מען האָט אונדז דערלויבט צו רעדן שבת אין די שולן, מען האָט אונדז אויפגענומען פריינטלעך ביי די מיטינגען פון חברות, לאַדזשען, סאָסייעטיס, אפילו די „דייטשישע יידן" פון טעמפּל זיינען געקומען צו דעם אָוונט אַ דאַנק יהואשן, שוואָגערס, צוויי דאָקטורים און אַ ביזנעסמאַן. שוין אָפּגערעדט פון אונדזערע יידן, ראַדי־קאַלן, אָרטאָדאָקסן, אַרבעטער און פּראָפעסיאָנאַלן; אַלע זיינען געקומען זען און הערן דעם גרויסן יידישן דיכטער און אים צוטיילן דעם געהעריקן כבוד.

יהואש האָט גערעדט באַלד אַ שעה, די טעמע איז געווען „ליטע־ראַטור און קונסט". אָבער ניט די טעמע האָט מיך אינטערעסירט נאָר — יהואש! ווי ער שטייט אַ גלייכער, אַ פאַרחלומטער, מיטן בלייכן איינגעצויגענעם פּנים און קוקט אויף אונדז, נאָר עס דוכט זיך אַז ער זעט קיינעם ניט, נאָר ער קוקט ערגעץ אין אַ וועלט וואָס מיר זעען ניט... און ווערטער פון געקליבענע פּערל ציען זיך אָן פון אָן אומ־געזעענער האַנט אויף אַ זיידענער שנור. ער וועבט פאַר אונדז וואונ־דערלעכע בילדער פון קונסט, פירט אונדז אַריין דורך אַזעלכע פאַר־באָרגענע היילן פון ליטעראַטור און וויזט אונדז די באַשאַפער פון ליטעראַטור און קונסט. מיר זיצן פאַרגאַפטע און הערן.

דער אָוונט איז פאַראיבער. יהואש גייט אַוועק מיט זיין פאַמיליע.

אַ פּאָר טעג שפּעטער לאָזט מיר וויסן דר. סמירנאָוו, אַז יהואש וויל מיך זען. איך בין גלייך אַוועק צו אים אין האָטעל.

איך האָב אים געפונען ליגן אין בעט. ער איז געוואָרן קראַנק

און ניט געקענט פאָרן אויף זיין טור. זיינע שוואָגערס, די דאָקטוירים, האָבן אים פאַרבאָטן אַרויסגיין פון צימער.

יעקב מאַרינאָוו איז אַוועקגעפאָרן אַליין.

אין צימער איז געווען האַלב טונקל. אַ רירנדיקע איינזאַמקייט האָט אָנגעפילט דעם צימער. מען האָט געפילט ווי די איינזאַמקייט וואַרט געשפּאַנט יהואש זאָל נעמען רעדן. יהואש איז ניט געווען אַליין.

ער האָט מיך אויפגענומען ווי אַ לאַנג־יאָריקן באַקאַנטן, פריינט־לעך, צוגעלאָזן, האָט געוואָלט וויסן אַלץ וועגן יעדן פון דער גרופּע וואָס האָט דורכגעפירט דעם אָוונט.

איך האָב מורא געהאַט צו רעדן טאָמער זאָג איך עפּעס וואָס פּאַסט ניט, טאָמער וועל איך באַנוצן אַ וואָרט וואָס מען דאַרף ניט. נאָר האָב אַלץ געקוקט אויף אים און ניט געקענט גלויבן אַז איך האָב די זכיה צו זיצן מיט יהואשן אַליין און ער רעדט צו מיר ווי צו זיינס אַ גלייכן.

ער האָט מיך געבעטן קומען מאָרגן ווידער און, אויב עס איז ניט צופיל פאַר מיר, זאָל איך מיטברענגען די יידישע צייטונגען וואָס קומען צו אונדז פון ניו־יאָרק.

איך האָב קוים דערוואַרט דעם מאָרגן און אים געבראַכט די צייטונגען.

ער האָט זיי דורכגעקוקט, געמאַכט נאָטיצן, זיי אַוועקגעלייגט און ווידער גענומען זיך נאָכפרעגן וועגן אונדזער לעבן דאָ אין שטעטל. מיט יאָרן צוריק איז ער דאָ געווען און דאַן געקענט עטלעכע מענטשן. וואו זיינען זיי איצט?

איך האָב ניט געוואוסט נאָר צעגעזאָגט אויסצוגעפינען.

— באַמיט זיך ניט — האָט ער געענטפערט, — איך בין צופרידן מיט די איצטיקע.

איך האָב זיך דערפילט דערהויבן, מסתמא מיינט ער דאָך מיר אויך.

אויף מאָרגן בין איך ווידער געקומען און מיטגעבראַכט די צייטונגען. ער האָט גענומען לייענען און איך האָב געזען ווי ער האָט זיך אויף עפּעס אין אַ צייטונג אָפּגעשטעלט לענגער ווי געוויינטלעך. איך בין געוואָרן נייגעריק צו וויסן וואָס ער האָט דאָרט דערזען. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן לייענען, באַווייזט ער מיר אַ סעריע ים־לידער פון א. רייזען אין „פאָרווערטס" (רייזען איז יענע וואָך געקומען אין אַמעריקע). יהואש פרעגט מיך:

— וואָס דענקט איר פון די לידער?

איך בין געבליבן אין אַ מאָדנער פאַרלעגנהייט, האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, רייזען און מאָריס ראָזענפעלט זיינען ביי מיר געשטאַנען אויפן צעטל נאָך יהואשן. זיך איך און טראַכט: לויבן די לידער צי ניט? האָב איך זיך דיפּלאָמאַטיש אַרויסגעדרייט:

— איך בין ניט קיין מבין אויף לידער, פאַר מיר איז גענוג אַז איך זע די נעמען יהואש, רייזען, ראָזענפעלד.

ער האָט אַ קלוגן שמייכל געטאָן און אָפּגעשטעלט דעם עקזאַמען, נאָר געפרעגט:

— איר האָט ליב לידער?

— לידער! האָב איך באַגייסטערט אויסגערופן — פאַר מיר עקזיסטירט ניט קיין אַנדער ליטעראַטור ווי לידער!

— לייענט איר דאָך מסתם מיך אויך?

אַ שעמעוודיקער האָב איך זיך מודה געווען אַז איך קען אויסנווייניק אינגאַנצן זיינע „בלומען און דערנער".

זיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן.

— ווען מיר האָבן אַ סך אַזעלכע לייענער, וואָלט זיך געלוינט דאָס שרייבן.

— מען שרייבט דען פאַר דעם לייענער? — האָב איך געפרעגט פאַרוואונדערט, — איך האָב געמיינט אַז אַ פּאָעט שרייבט ווייל ער ווערט אָנגערעגט פון עפּעס אין אים.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט זיין קלוגן שמייכל:

— ווער קען וויסן צוליב וואָס און פאַר וועמען מען שרייבט? די בלום צעוואַקסט זיך און צעבליט זיך פאַר קיינעם ניט ווייל אַזוי מוז זי, אָבער דערוויל ווערט די וועלט פון דעם שענער און מענטשן האָבן הנאה.

איין אָוונט. אין צימער איז געווען טונקל, באַלויכטן פון אַ בלייך ליכט וואָס אַ האַלבע לבנה האָט אַריינגעוואָרפן דורכן פענצטער. אין דער שטילקייט פון צימער האָט זיך בלויז געהערט דאָס אָטעמען פון יהואשן. איך האָב געמיינט ער שלאָפט און האָב איינגעהאַלטן מיין אייגענעם אָטעם אים ניט אויפצואוועקן. מיטאַמאָל דערהער איך ווי ער רופט מיך, איך בין צוגעגאַנגען צו זיין בעטל.

— זייט אַזוי גוט און דרייט אויף די עלעקטריק, — בעט ער מיך. אין צימער איז געוואָרן ליכטיק.

— זייט אַזוי גוט און רוקט צו דאָס טישל צום בעט.

איך האָב צוגערוקט דאָס טישל. ער האָט זיך האַלב אויפגעזעצט, אָנגעלענט אויפן קישן און גענומען שרייבן. איך בין געזעסן פון דער ווייטן און געקוקט אויף אים ווי ער שרייבט. זיין אומעטיק בלייך פּנים איז געוואָרן פריילעכער, ליכטיקער, ווי אַ ראָזעווע פאַרב וואָלט זיך איבערציען איבער דער בלייכקייט. איך האָב געזען אַז ניט פון צוגע־קומען בלוט אין פּנים האָט זיך געביטן די פאַרב, נאָר פון אַן אָנרעגונג וואָס האָט אין אים עפּעס אָנגעצונדן און אַרויסגעשיינט פון די אויגן, פון דעם פּנים, פונעם גאַנצן וועזן.

אַ האַלבע שעה שפּעטער. יהואש פרעגט מיך:

— איר ווילט הערן אַ ליד?

איך האָב ניט געקענט ענטפערן. צי וויל איך הערן אַ ליד וואָס יהואש האָט ערשט אָנגעשריבן? און הערן דאָס פון יהואשן אַליין!

ער האָט פאַר מיר איבערגעלייענט דאָס ליד „דער עלנטער בוים" וואָס איז שפּעטער געדרוקט געוואָרן אין דר. זשיטלאָווסקיס ערשטן נומער „דאָס נייע לעבן".

יהואש איז געוואָרן געזונט אויף אַזויפיל, אַז ער האָט געקאָנט פאָרן ווייטער אויף זיין טור. מיר האָבן פאַר אים צוגעגרייט אַ באַנקעט.

צום באַנקעט זיינען געקומען חוץ זיין משפחה און פּערזענלעכע פריינד, ווי דר. באַנאַף, דר. בערטשינסקי און אַנדערע, אויך איינגע־לאַדענע געסט פון שטאָט, פאָרשטייער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, פון דער אָרטאָדאָקסישער וועלט, אינטעלעקטואַלן און פּראָפעסיאָנאַלן. די שטימונג איז געווען אַ פריילעכע, יעדער איינער האָט זיך עפּעס געפילט ווי אַריבערגעטראָגן אין אַן אַנדער וועלט, אינגאַנצן אַוועק פון דעם חומר. אַזאַ צוזאַמענקום פון פאַרשיידענע מענטשן ביי איין טיש, האָט מען נאָך אין שטאָט ניט געזען.

אַלס סעקרעטאַר פון דער גרופּע וואָס האָט אַראַנזשירט דעם באַנ־קעט, האָב איך געקראָגן דאָס וואָרט נאָר ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. ווי קום איך, אַ פּראָווינציאָנעלער יינגל, זאָגן עפּעס וועגן יהואשן? אָבער יהואש אַליין האָט מיר אַרויסגעהאָלפן מיט אַ שמייכל, האָב איך געקראָגן מוט און דערציילט ווי יהואש, אַליין ניט וויסנדיק, האָט איינ־

מאָל געראַטעוועט מיין לעבן. דאָס איז געוועזן מיט יאָרן צוריק אין באָסטאָן, איך בין געווען מוראדיק פאַרליבט אין אַ מיידל. איין אָוונט האָבן מיר זיך צעקריגט און ווי געוויינטלעך אין אַזאַ שעה און יענעם עלטער, האָב איך געזוכט נאָר איין אויסוועג צו מיין פאַרצווייפלונג — מאַכן אַ סוף צו אַלץ! בין איך אַרויף צו זיך אין צימער און גענומען זוכן דעם בעסטן און זיכערסטן וועג... אַרום דריי פאַרטאָג הער איך ווי מען קלאַפּט אין מיין טיר; איך עפן אויף — אין טיר שטייט מיין חבר קאַנאָווסקי. ער איז פאַרבייגעגאַנגען און דערזען די ליכט אין מיין צימער, איז ער דאָס אַרויף זען וואָס איך טו. איך האָב אים אַלץ דערציילט... ער האָט שטיל אַ זונג געטאָן מיט זיין לירישן טענאָר און אַרויסגענומען פון קעשענע אַ נייעם נומער „צוקונפט", און געגעבן מיר עפּעס איבערצולייענען.

איך האָב דערזען „לידער פון יהואש" און גענומען לייענען „בלומען און דערנער".

וואָס מער איך האָב געלייענט אַלץ מער האָט זיך גערעגט דאָס האַרץ, גערירט פון איינעם וואָס האָט געקענט אַזוי שיין ליב האָבן, אַזוי שטאַרק ליידן און דאָך געפינען אַ טרייסט אין דער פאַרצווייפלונג אָנ־צושרייבן אַזעלכע שורות ווי —

אין פילייכט איז בעסער געליבטע,
פון וויטן געשיידט מיר זאָלן,
דאַן וועט מיין פאָעטישער מוח
דיך טויזנט מאָל שענער נאָך מאָלן.
פילייכט וועט די צייט און דער מרחק
דעם זודיקן וויטיק איינשטילן,
געלייטערט פון אייפערזוכט וועלן
נאָר בלייבן די ריינסטע געפילן.

ווען איך האָב איבערגעלייענט אָט די שורות און נאָך אַ פּאָר צענדליק אַזעלכע, האָב איך זיך פאַרשעמט פאַר מיין פריערדיקן באַ־שלוס... איך בין, ווי איר זעט, געבליבן לעבן...

גייענדיק אַהיים פון באַנקעט, זאָגט צו מיר דר. באַנאַף:

— איך האָב נאָך אין מיין לעבן ניט באַגעגנט אַזאַ מענטשן ווי יהואש, וואָס פאַר אַ זעלטענעם מוח ער האָט! וועגן וואָס מען זאָל מיט אים ניט רעדן, ווייסט ער אַלץ בעסער פון אַ קאַלעדזש גראַדואירטן.

עס איז געקומען צו רייד וועגן געוויסע געזעצן אין פיזיקע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער ווייסט עס בעסער ווי מיר, דאָקטוירים און מאַנכע ספּעציאַליסטן אין פאַך. וואו האָט ער דאָס גענומען צייט אַלץ צו לערנען? ניטאָ אַ סך אַזעלכע.

עטלעכע יאָר שפּעטער האָב איך זיך באַגעגנט מיט א. ש. זאַקס. זאָגט ער צו מיר:

— איך האָב פון איך שוין געהערט.

— פון מיר? — וואונדער איך זיך — וואָס איז דאָ פון מיר צו הערן?

גיט מיר זאַקס איבער מיין גאַנצע „רעדע" וואָס כ'האָב געהאַלטן ביי דעם יהואש־באַנקעט. ווי יהואש האָט עס אים דערציילט.

אַ סך, אַ סך יאָרן זיינען אַוועק, יהואש איז שוין לאַנג ניט מער מיט אונדז, אָבער אָפּט קוק איך אויף זיין בילד וואָס ער האָט מיר דאַן איבערגעלאָזן און איך זע אים ווי ער איז געשטאַנען אויף דער בינע און געשפּונען פאַר אונדז זיינע געדאַנקען. לעב איך ווידער איבער יענע זעקס נעכט מיט אים וואָס לויכטן אין זכרון און האַלטן קלאָר די צייט ווען דאָס לעבן איז געווען פול מיט חלומות און האָפענונגען.

# ב. ריווקין

פאַרוקט אין אַ ווינקל מיט אַ פּאַק ציטונגען און זשורנאַלן לעבן זיך, איז ער געזעסן עטוואָס אויפגעהויבן דעם קאָפּ צעשויבערטע האָר און געקוקט דורך די דיקע ברילן אויף דער וואַנט קעגנאיבער אים אַזוי, אַז ס'איז געווען שווער צו וויסן צי קוקט ער דורך די ברילן אָדער אונטער זיי.

איך האָב זיך פאַראינטערעסירט צו וויסן אויף וואָס קוקט ער? וואָס האָט ער דאָרט דערזען? איך האָב אויך אַ קוק געטאָן אויף דער וואַנט, נאָר מער ווי אַ העל־גרינע פאַרב און אַ פּלאַקאַט וואָס האָט אָנגעזאָגט אַז ערגעץ וועט זיין אַ קאָנצערט, האָב איך מער גאָרניט געזען.

איך האָב זיך גענומען בעסער צוקוקן צו אים און האָב דערזען אַז ער קוקט גאָר ניט אויף דער וואַנט נאָר דורך דער וואַנט, און דאָרטן נאָך ווייטער, דורך די טויזנטער ווענט הינטער דער, און דאָרטן — אַריבער די בערג, אַריבער די ימים און דאָרטן וואו ס'איז קיין סוף ניטאָ, זעט ער ווי עס שפּינט זיך אַ חלום, זיצט ער דאָ און מאַנעווורירט קונציק מיט די זיידענע פעדעם פון וועלכע עס וועבט זיך עפּעס, וואָס וועט נאָך געבוירן ווערן.

מיטאַמאָל ציען זיך צונויף די קנייטשן אויפן הויכן שטערן, דער פולער ווייכער פּנים ווערט פאַרוואָלקנט ווי ביי אַ קינד וואָס האָט אַוועקגעלאָזט אין דער לופט אַ טויזנט־פאַרביקן זייפנבלאָז און ס'האָט געפּלאַצט.

קאָנטיק אַז די זיידענע פעדעם האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט, צונויפגעקנוילט און ס'איז שווער זיי פאַנאַנדערוויקלען, מען וועט דאַרפן איבעררייסן און אָנהייבן אויפסניי צונויפבינדן. אָבער ער וויל עפּעס אָן קנופּן, אָן ריסן, עפּעס האַרמאָנישעס, וואָס איז אָן אינהאַלט, אָן סוף, עפּעס וואָס איז אויסער די גרענעצן פון פאַטאַליזם. ער וואָלט וועלן מאַכן מעגלעך דאָס אוממעגלעכע, אָבער מען קען דעם קנויל ניט פאַנאַנדערנעמען און אויסשפּינען עפּעס פון צעריסענע פעדעם קען ער ניט.

נאָר באַלד האָט זיך זיין פּנים צעשמייכלט אַזוי קינדיש נאַאיוו; אַ נייער חלום איז אויפגעשוואומען, זאָל יענער קנויל דערוויל בלייבן ניט פאַנאַנדער געפּלאָנטערט; אַ צווייטן מאָל, אין אַ בעסערער שטי־מונג, וועט ער זיך צו אים ווידער נעמען, איצטער — וועט ער אָנהייבן אויפסנייי וועבן פון נייע פעדעם אַ נייעם חלום און, ווידער קוקט ער דורך דער העלער־גרינער וואַנט אַהינצו, וואו עפּעס וועבט זיך.

— ריווקין! — האָט עמעצער אַ רוף געטאָן.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, זיין פּנים איז ווידער געוואָרן פאַר־וואָלקנט. ער האָט דערפילט אַרום זיך דאָס רעאַלע לעבן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו דעם וואָס האָט אים גערופן, אויפגעשטעלט זיך, אַ טראַכט געטאָן און איז צוגעגאַנגען צו מיין טישל, זיך אַוועקגעזעצט און גלייך אויפגעשטעלט זיך, האָט זיך פאַר מיר אַנטשולדיקט און איז אַוועק צו דעם, וואָס האָט אים גערופן. איז דאָרט געבליבן שטיין אַ ווייל, אַ טראַכט געטאָן און איז צוריק אַוועק צום טישל וואו ער איז פריער געזעסן, צונויפגענומען די צײַ־טונגען און זשורנאַלן, באַטראַכט דאָס טישל פון אַלע זייטן צי האָט ער עפּעס ניט פאַרגעסן און איז אַוועק מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט פאָרט ניט זיין זיכער אַז ער האָט אַלץ מיטגענומען.

צום טישל וואו ער האָט זיך געזעצט, איז צוגעגאַנגען אַ באַקאַנט מיידל:

— האלאָ, מר. ריווקין.

— האלאָ, טאָכטערל! נו, וואָס מאַכסטו עפּעס? זיין קול האָט געקלונגען ווייך, פאָטערלעך, זי האָט גענומען עפּעס דערציילן, שטיל, גיך. ריווקין שלאָגט איר איבער:

— עי, טאָכטערל, ס׳איז נאָך אַלץ שווער אויפן האַרצן? עט, ס׳וועט פאָריבער!

ער האָט גענומען גלעטן איר האַנט ווי אַ טאַטע וואָלט וועלן איינ־שטילן אַ צעכליפּעט קינד, נאָר זיין פּנים איז געוואָרן נייגעריק ווי ער וואָלט איינזאַפּן אין זיך די נאָענטקייט פון יונגן מיידל. ער איז מיט־אַמאָל געוואָרן אַנדערש, די חלומות וואָס האָבן זיך פריער געוועבט אין מוח, זיינען פאַרביטן געוואָרן אויף עפּעס מער ממשותדיק, זיין יעדער ריר האָט גערעדט: ער חלומט פון הימל און פאַרלייקנט ניט די ערד... ווערט אַוועקגעטראָגן פון דעם סאַמע אַבסטראַקט, מעטאַ־פיזיש, אָבער ווערט אויך מיטגעריסן פון דעם פּאָזיטיוו, לעבעדיק.

אַ באַקאַנטער דאָקטאָר און זשורנאַליסט איז צוגעקומען צו זיין טישל און איידער נאָך דער דאָקטאָר האָט געקראָגן זיין באַשטעלטע קאַווע, איז שוין דער רעסטאָראַן געווען פול מיט ריווקינס קול. בעסער — מיט זיינע געוואַלדן. איך האָב אים גענומען באַטראַכטן מיט וואונ־דער: אַ מענטש זאָל האָבן אַזוי פיל עמאָציע, אַזוי פיל ענערגיע! ער — וואָס זיצט דאָ און בויט עפּעס אויף יענער זייט וועלט, ער — וואָס ווערט בייגעריק ווי אַ יונגער ייִנגל ביים אָנרירן די ווייכע האַנט פון אַ שיינער מיידל, ער איז דאָס אַזוי פעסט, אַזוי דאָמינירנדיק אין זיין אַרגומענטאַציע.

מיין שכן ביים טישל פרעגט מיך:

— וואָס האָט איר זיך פאַרטראַכט?

איך האָב אַליין ניט געוואוסט קלאָר וואָס איך טראַכט. יעדן אָוונט גייען פאַרביי מיר דאָ אַזוי פיל פאַרשיידענע מענטשן, אַזאַ קאָלירפולע וואַריאַציע פון כאַראַקטערן און אָט איז איינער מיט אַזוי פיל קאָלירן וואָס בייטן זיך אַלע ווײַלע אַז דאָס אויג קען קוים אויפכאַפּן. ס'איז טאַקע זייער אינטערעסאַנט אַריינצוקוקן, פאַרביילויפנדיק, אין אַ מענטשלעכער נשמה, נאָר גיי קוק אַריין און פאַרשטיי די וואַריאַציעס פון קאָלירן און שטריכן אין דער נשמה פון אַזאַ איינעם ווי ב. ריווקין.

# א. לוצקי

א. לוצקי האָט מיך אַלעמאָל אימפּאָנירט מיט זיין מערקווירדיק־אייגנאַרטיקן אופן פון שרייבן. איך האַלט, אַז איך פאַרשטיי אַ ליד, פאַרשטיי דעם ליריקער, דעם עפּיקער, דעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן דיכטער; איך פאַרשטיי דעם מאָטיוו וואָס האָט זיי אָנגערעגט צו שרייבן זייער ליד; לוצקי איז אָבער, ניט געווען קיין איינער פון אָט די דיכ־טער; זיין זשאַנר איז געווען פאַר אונדז אינגאַנצן ניי און פרעמד. און האָט ער אַמאָל אָפּגעדרוקט אַ ליד פון נאַציאָנאַלן אָדער סאָציאַלן כאַראַקטער, איז דאָס ליד געווען אומבאַהאָלפן, שוואַך, סיי אין אינהאַלט, סיי אין פאָרמע. אייגנאַרטיק און פאַרכאַפּנדיק איז ער געווען אין די לידער וואָס האָבן דערציילט וועגן זאַכן וואָס זיינען אַזוי נאָענט, ממש אונטער די הענט, אָבער מיר קוקן זיך ניט אום אויף זיי. אָט די „נאָענטע" און דאָך „וויטע זאַכן" האָבן אים אינספּירירט און גרויס געמאַכט. האָב איך זיך אָפט געפרעגט: — וואָס אַזוינס רעגט אים אָן צו שרייבן אָט די לידער? וועלכע עמאָציעס לעבט ער דורך שרייבנדיק די לידער מיט וועלכע ער מאַכט לעבעדיק „אַ טויטע וועלט"? האָב איך נאָכגע־פאָלגט לוצקין אין זיין דיכטער־וועלט ווי דאַנטע ווירגילן אין דער „אינפערנאָ" און געזען די „אַכטע טייל פון גיהנום" וואָס פּרץ האָט געמאָלן; יענע טייל וואָס דער אומרואיקער, זוכנדיקער גייסט, באַ־שאַפט פאַר זיך אַליין.

אַלע מענטשן האָבן אויגן און קענען זען ווי אַ בוים בליט, ווי אַ שניי פאַלט, ווי אַ הויז ברענט, ווי אַ טייך פלייצט אַריבער די ברעגן, אָבער ניט אַלע קאָנען זען יענע פאַנטאַסטישע וועלטן וואָס עקזיסטירן ניט און זיינען דאָך פאַראַן, יענע גיגאַנטישע קליינקייטן, ניט דער־זעענע אומגעהעריקייטן, יענע וואונדערלעכע זעאונגען, וואָס אַ דיכ־טער זעט.

אַלע מענטשן קאָנען הערן דעם ווילדן געררויש פון אַ וואַסערפאַל, דעם סומנעם קלאַנג פון קלויסטער־גלאָקן, דעם שרעקנדיקן קלאַנג פון

פייער־וואָגן, דעם מוראדיקן וואָיען פון הונגעריקן וואָלף, אָבער דער דיכטער דערהערט אויך קלאַנגען, גערוישן, אַ שטילן מוראדיקן וויינען וואָס קלינגט ניט און רוישט ניט און וויינט ניט, און לוצקי האָט די אַלע קלאַנגען און גערוישן געהערט און באַנומען. און גייענדיק מיט אים אין זיין דיכטער־וועלט, האָב איך געזען דעם צער און וויטיק וואָס האָבן אים באַגלייט אויף זיינע וועגן, איך האָב געזען דעם אומעט וואָס מאַטערט אים. ס'איז ניט געווען דער אומעט וואָס קלאַמערט איין דאָס האַרץ אין אַ טיפן בענקען, אין אַנטוישונג און פאַרדרוס, נאָר דער אומעט וואָס קומט פון באַוואוסטזיין אַז „אַלץ וועט פאַרגיין". איך האָב געזען ווי אין די שטימונגען פון אָט דעם אומעט וואָס שטעכן ווי שאַרפע נאָדל־שפּיצן און טוען מער וויי ווי איין גרויסער מעסער־שניט, ליגט לוצקי אויף זיין בעטל און וויל דורך דעם שלאָף באַפרייען זיך פון די שטימונגען, אָבער דער שלאָף קומט ניט, דער אומעט האַלט צו די טיר און לאָזט דעם שלאָף ניט אַריין, ליגט ער און הערט:

„אַ שיף רעוועט אין דער נאַכט.
אַ דערשראָקענער אויטאָמאָביל יאָגט זיך אין וויט
אַ באַן אַנטלויפט פון אַ באַרג".

שפּיגלען זיך די קלאַנגען אָפּ אין מוח, רעפלעקטירן אויף דעם אומעט און ער דערזעט:

„אַ חיה פון קלאַנגען".

עס טרעפט אַמאָל: דער אומעט לאָזט ניט איינזיצן אין הויז, טרייבט אין גאַס. גייט לוצקי אַרויס אין גאַס, בלאָנדזשעט אָן אַ ציל ביז ער דערהערט מוזיק, בלייבט ער שטיין אונטער אַ פענצטער פון אַ הויז און הערט ווי פיס טאַנצן צום טאַקט פון קלאַנגען, נעמט זיין אומעט אין אים טאַנצן:

„איינס צוויי דריי, אַז די פלייטל פייפט,
וויסטו וואָס דו הערסט?
טויטע אין דער ערד
וויינען דאָך אַזוי!"

„איינס, צוויי, דריי, אַז די פּויק באַרוישט,
וויסטו וואָס דאָס איז?
דאָס איז דאָך דער רויש,

אָט דער וועלט־געדויש,
וואָס פאַרטויבט אין דיר
פּחד פאַרן טויט!"

איינס צוויי דריי, וויינט די ווילאָנטשעל,
אַלע אין דער וועלט
וועלן זיך צעגיין...
טויט עס אַזוי וויי!"

אָט דער וויטיק פון „צעגיין", דער פּחד פאַרן טויט, פאַרטונקלט אין אים די פרייד פון טאַנץ: וואָס טויג דאָס אַלץ, אַז סוף־כל־סוף וועט מען פאַרגיין? לוצקי האָט געוואָלט אייביקייט, קיינמאָל ניט אויפהערן זיין. קיין זאַך וויל ניט „אויפהערן זיין", וויל ניט פאַרגיין — —

„אַ פּאַפּיר אַנטלויפט מיט מוראדיקער פרייד
פון אונטער די רעדער פון אַ באַן..."

**אָבער דער אומעט לאַכט:**

„יעדער מענטש וואָס גייט אַרום
וועט ליגן.
איבער אים וועט זיין אַ בערגל
און דערביי וועט שטיין אַ שטיין
מיטן פּנים צו די צייטן".

**לוצקין איז געווען אומעטיק ניט דערפאַר וואָס „דאָס לעבן איז פּוסט און די נשמה ליידיק", ניט דערפאַר וואָס פרייד איז געמישט מיט טרויער און גליק מיט צער, נאָר דערפאַר, וואָס — —**

„מיין לעבן וויינט אין מיר
פון גרויס געזאַנג אין מיר,
מיר איז ענג פון איבערפלוס אין מיר".

**לוצקי האָט ניט געזוכט דעם סוף אַלס דערלייזער, נאָר איז געווען אומעטיק ווייל דער סוף וועט דערלייזן... דאָס לעבן וואָס האָט געברויזט אין אים און דער פּחד פאַרן פאַרגיין, האָבן זיך אין אים געראַנגלט, כסדר אַרומגעריסן, ס'איז דאַכט זיך אַ מחיה צו פאָרן אין באַן**

„און זען די פריילעכע טעלעפאָן סלופּעס,
און הערן די פענצטערלעך פּלאַפּלען".

**און זען ווי**

„אַ יעזוס פֿאַרשווינדט,
יאָגט זיך אַ קלויסטער נאָך אים,
דרייט זיך אַ וואַלד אויף אַ באַרג,
טאַנצן די ביימער אַ וואַלץ".

**אַלץ איז אַזוי וואונדערלעך, שיין און גוט, אָבער...**

„איך וועל שפּילן, זיך פֿאַרשפּילן,
ביז מען וועט מיר טראָגן צום טאַקט..."

**דערהערט ער דזשעז, אָט די פֿאַרטויבנדיקע, משוגע־מאַכנדיקע מוזיק, צעשפּילט זיך אין אים די אימפּראָוויזאַציע:**

„נעם אַ טאַץ און פּאַטש אין פּלייצע,
בויג דעם קאָפּ און האַק אין פּויק,
בויג אַ פֿוס און שפּרינג אַ קרומער,
שפּרייט דאָס מויל און שליס אַן אויג".

**שטייט דער אומעט הינטערן פּלייצע און עגבערט אין זעלביקן ליד:**

„זאַווערוכע, ווילדערוכע,
מענטש און חיה איין משפּחה,
לייב און קעמל איין מערכה,
פֿעלקער וויינען אין די לענדער,
חיות וויינען אין די וועלדער,
ווי געשריי אין אַלע שפּראַכן,
שטומער צער אין אַלע זאַכן".

**האַלט ער אַ „קאָנפֿערענץ מיט זיך אַליין", פֿאַרענדיקט ער:**

„און מיר שמועסן שטומערהייט
וועגן אחדות נאָכן סוף..."

**אפֿילו אין ליכטיקע מינוטן האָט ער געזען:**

„אַלע מענטשן ליכטיקע עלנטן,
אַלע אַמאָלן לויטערע אומעטן..."

**קוקנדיק אויף די האַווענדיקע מענטשן אין די גאַסן, האָט ער געזען:**

אָט דאָ וואו מיר — איז ער געווען,
איז זי געווען אַזוי ווי מיר,

איז ער ניט מער, איז זי ניט מער,
נאָר איך בין נאָך און איר זייט נאָך.
איך רייד צו אייך און טראַכט פון זיי,
זע איך זיי און וויין אויף אונדז״.

**אַזוי כסדר, דער ניט פאַרמיידלעכער סוף וואָס מוז קומען, פאַרשלינגט יעדע פרייד, מישט אויס מיט גאַל יעדע מינוט פון לעבן ווייל — אַלץ וועט פאַרגיין...**

**בין איך געגאַנגען ווייטער אין זיין דיכטער־וועלט און געזען: לוצקי איז דער פּאָעט פון איינזאַמקייט, פון עלנט ניט דערפאַר ווייל ער האָט ליב די פאַרבענקטע מעלאַנכאָלישע שעה פון זון־פאַרגאַנג, נאָר ווייל —**

„יעדער מענטש אַ איינס.
אַלע איינסן.
לבנה באַזונדער, שטערן באַזונדער,
אַלע אַליין.
וויפל איינזאַמקייטן דאָרט,
וויפל איינזאַמקייטן דאָ״.

**אַלץ איז אַליין, קיינער האָט ניט קיינעם.**

„שטייט אַ וואַלד, האַק אויס אַ בוים —
שטייט אַ וואַלד...
נישטאָ אַ צווייטער דו,
איין דו איז דאָ — דיין דו...״

**ביי לוצקין איז אַלץ געוועזן ווייט, דאָס נאָענטסטע אין די הויכן, אין די תהומען. ניטאָ ביי אים קיין „איצט״, דער „איצט״ איז נאָר צו דער־מאָנען די „אַמאָלן״ —**

„מיטאַמאָל דערפיל איך מיר אין אַלטערטום,
אין טוכלע טיפן, אין טויטע תהומען,
פאַר די אויגן — ווילדע ווייטן,
אין די אויערן — רעש פון צייטן״.

**אָדער —**

„ניט די רונדן — נאָר די ראַנדן,
ניט די פלאַכן נאָר די פאַלדן״.

דאָס פלאַכע איז נאָענט, אונטער די פיס, דערפאַר די פאַלדן, דאָס באַ־
האַלטענע, אין פאַרנאַכטיקן טומל הערט ער

„דאָס רוישן פון ווייטע וועגענער
ביי די ווענט פון דער וועלט״.

האָ ער געגומען פון ווייטסטן אַמאָל און געטראָגן צום ווייטסטן „ווען
עס איז״. האָט זיך איינגעהערט צו די טיפסטע תהומען און אַריבער־
געטראָגן זייערע קלאַנגען צו די העכסטע הויכן. איז געלעגן ביי די
ווענט פון דער וועלט און אויפגעכאַפּט די סודות פון „יענער זייט״ און
געשפּונען די לידער פאַרן ווייטסטן שפּעטער.

איך האָב געוואַנדערט מיט לוצקין אין זיין דיכטער־וועלט און זיך
אָנגעהאַלטן אָן דעם פאָדעם וואָס ציט זיך דורך זיינע לידער און פאַר־
שטאַנען דעם מאָטיוו: „דער פּחד פאַרן טויט״. האָט ער געוואָלט אַריינ־
כאַפּן וואָס מער, זיך געאיילט ניט צו פאַרשפּעטיקן, ווי דער באַן:
„נישטאָ קיין צייט, נישטאָ קיין צייט!״

לוצקי האָט געזונגען מיט פרייד פון צער און מיט צער פון פרייד
און איז צו גיך באַזיגט געוואָרן פון דעם פּחד.

# מ. י. חיימאָוויטש

ער איז דורכגעגאַנגען די קאָפּע מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל, ווי ער וואָלט נאָר — וואָס געהערט עפּעס אַ געלונגענע נאַרישקייט פון אַ קאָלעגע... און אין אייל באַגריסט זיך מיט באַקאַנטע.

— וואָס איילט איר זיך אַזוי, חיימאָוויטש? — האָט איינער ביים טישל אויסגערופן, — זיצט אַ ווייל.

חיימאָוויטש איז צוגעגאַנגען צו יענעם טישל, געשטאַנען אַ ווייל ווי ער וואָלט זיך מישב זיין צי ער זאָל זיך זעצן אָדער ניט און, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

איך בין געזעסן אָן אַ זייט און אים באַטראַכט: אַ הויכער, אַ שלאַנקער, אַ יום־טובדיקער, אַלץ און אַלעמען באַמערקנדיק, די הויזן אויסגעפּרעסט, דאָס רעקל אָן אַ קנייטש, דער שניפּס ליגט ווי אויס־געפּורעמט און האַרמאָנירט אַזוי שיין מיט זיין העמד. די שיך שיינען און אינגאַנצן קוקט ער אויס ווי ער וואָלט זיין אויפן וועג צו אַן אַריס־טאָקראַטישן נאַכט־קלוב.

זיץ איך און טראַכט:

יעדער איינער דאָ איז אַ גאַנצע וועלט פאַר זיך מיט אַלע אירע זונען, שטערן און פּלאַנעטן, יעדער איינער דאָ איז דער גרעסטער, דער וויכטיקסטער, עס הייסט — יעדער איינער איז גרויס און וויכטיק, מער ניט וואָס ע ר איז וויכטיקער... און קיין איינער וועט פון זיך ניט לאָזן אַראָפּדינגען אַ האָר, קיינער קאָן ניט ווערן אָפּגעפּרעגט, יעדער וואָרט וואָס איינער זאָגט, איז תורת משה... חיימאָוויטש איז אָבער אַנדערש, ער רעדט געציילטע ווערטער און זאָגט אין זיי אַזוי פיל, אַז עס ווילט זיך ניט אָפּפרעגן אפילו ווען מען איז ניט מסכים, דאָס איז דער אופן ווי ער זאָגט עס און צוליב דער הנאה פון דעם קורצן אָפּגעהאַקטן „זאָג", נעמט מען עס אָן. זיצט ער אַ יום־טובדיקער מיט וואָכעדיקער זאָרג, אויף דעם אומצופרידענעם פּנים מיט אַ באַהאַל־טענעם שמייכל ווי אַ רבי וואָלט זיך בייזערן אויף אַ תלמיד וועמען ער האָט ליב. חיימאָוויטש מאַכט „בלויז באַמערקונגען" און זאָגט אין זיי מער ווי אַ פּאָפּולערער „לעקטשורער" אין אַ לעקציע פאַר די „מאַסן"... ווי אַ בליץ אין דער פינצטערניש ציט חיימאָוויטש אַריין מיט זיין „באַמערקונג" צו זוכן דאָרטן עפּעס הינטער זיינע ווערטער.

אַן אייגנאַרטיקער מענטש, אָט דער חיימאָוויטש, זיצט פון וויטן און איז נאָענט. אַ פריינטלעכער מיט אַן אָנגעברוגזט פּנים, אַן אייגענער

וואָס האַלט זיך ווי אַ פרעמדער, אַ שווייגנדיקער וואָס רעדט, אַ קינסט־לער אָן פּאָזע, וואָס נאַרט קיינעם ניט מיט אָנגעבלאָזענער גרויסקייט און ווערט דערפאַר ניט קלענער פון דער נאָענט, אַ פאַרשלאָסענער אין זיין אייגענער וועלט און איז דאָך נייגעריק צו וויסן „וואָס הערט זיך" ביי יענעם, אַן אייביק איילנדיקער, וואָס האָט אַלעמאָל צייט צו גיין „ערגעץ־וואו", אַן אומעטיק־פאַרזאָרגטער, וואָס האָט פאַר אייך אַ שמייכל און אַ טרייסט־וואָרט, אַ פּעסימיסטיש־געשטימטער, וואָס קוקט אויף אַלץ מיט פילאָזאָפישער רואיקייט. זאָגט קיינמאָל גאָרניט וועגן זיך און זיין שרייבן און איז דאָך פּאָפּולער, רעדט קיינמאָל ניט ביי באַנקעטן, קאָנצערטן, פאַרזאַמלונגען און האָט דאָך נייגעריקע צו־הערער, ער פרעגט אייך קיינמאָל ניט צי איר האָט געלייענט זיין לעצטע עסיי און איר ווייסט ניט צי דאָס איז דערפאַר וואָס אים אַרט ניט, צי איר האָט יאָ געלייענט אָדער ניט, צי ווייל ער איז ניט זיכער אַז איר האָט געלייענט זיין עסיי פאַר דער לעצטער... פונדעסטוועגן איז בעסער צו זאָגן אַז איר האָט יאָ געלייענט, און דאָס געפעלט אייך, איר קענט נעמען די ריזיקע, קיין דעבאַטעס וועט ער מיט אייך ניט פאַרפירן, ער וועט מיט אייך איבערהויפּט קיין דעבאַטעס ניט פירן סיידן איר זאָלט אָנרירן א. רייזען אָדער זאָגן אויף אַ מיאוס ווייבל אַז זי איז שיין...

איך בין פאַרטראַגן געוואָרן פון מיינע מעדיטאַציעס וועגן חיימאָ־וויטשן ביז ער האָט מיך אויפגעוועקט מיט אַ פראַגע:

— וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרטראַכט? פילאָזאָפירן לאָזט איבער צו אונדז, זוכט ניט קיין פרעמדע טעריטאָריע. קומט! וואָס וועט איר דאָ אויסזיצן? דאָ איז דאָך אַזוי אומעטיק!

— וואוהין, חיימאָוויטש?

— אין גאַס אַרויס! קומט!

מיר זיינען אַרויס אין גאַס. ביי דעם צענטער גאַס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט כאַפּן דעם אָטעם. מיט חיימאָוויטשן איז געווען אַ פאַר־גענינגן צו זיצן ביים טישל און שמועסן, אָבער ניט שפּאַצירן מיט אים, ער האָט טאַקע ניט געהאַט וואוהין צו גיין, אָבער אים נאָכהאַלטן איז געווען ניט מעגלעך, ער איז געלאָפן... צו זיין איין שפּאַן האָב איך געדאַרפט מאַכן צוויי.

חיימאָוויטש שטעלט זיך אָפּ, קוקט מיך אָן און זאָגט:

— איך האָב געוואוסט אַז זיי ווייסן ניט וואָס זיי רעדן.

איך האָב געוואַרט. איך האָב געוואוסט אַז נאָך עפּעס וועט קומען.

— זיי האָבן געוואָלט מיר איינרעדן אַז איר זענט אַ „דאָן זשואַן" און דאָ קענט איר ניט אָפּגיין אפילו קיין פינף בלאָק, טאָ ווי אַזוי קענט איר נאָכלויפן די ווייבלעך?

— „מיינע ווייבלעך", חיימאָוויטש, גייען זייער פּאַמעלעך, זיי היטן מיינע טריט...

מיר זיינען געגאַנגען צוריק. ביי קאַפע ראַיאַל שטעלט ער זיך אָפּ:

— לאָמיר זען צי רייזען איז דאָ, וועלן מיר אַריינגיין טרינקען ווייַן.

— אַ גוטער געדאַנק, — שטים איך איין — אָבער אויף וועמענס רעכענונג?

חיימאָוויטש האָט ניט געענטפערט און מיר זיינען אַוועק צוריק צו קאַפע „אייראָפּע". ביי די טרעפּלעך צום אַריינגאַנג איז ער געבליבן שטיין, אַ טראַכט געטאָן און מיט אַ שטילן „ אַ גוטע נאַכט", איז ער אַוועק צום סאָבוועי.

איך בין אַריין אין קאַפע, אַוועקגעזעצט זיך און דערזען חיימאָ־וויטשן אין זיין גאַנצער מענטשלעכער גרויס ווי ער האָט דאָס באַוויזן איין אָוונט דאָ אין קאַפע.

ס'איז שוין געווען שפּעט. דער עולם האָט גענומען אַוועקגיין, אָבער איינער וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען אַ „זיצער" אין קאַפע כאָטש ניט קיין שרייבער אָדער אַקטיאָר, איז נאָך אַלץ געזעסן, זיך ניט אויפ־געהויבן אַרויסצוגיין. חיימאָוויטש האָט אים באַמערקט און באַלד זע איך ווי חיימאָוויטש שושקעט זיך מיט איינעם פון די קאָלעגן און באַלד גייט ער צו צו יענעם, גיט אים אַ קוואָדער וואָס ער האָט נאָר וואָס אַנטליען ביי אַן אַנדערן — און הייסט יענעם גיין אין אַ האָטעלכל אויף דער באוערי איבערשלאָפן די נאַכט... יענע צייטן האָט מען געקראָגן אויף דער באוערי אַזעלכע צימערן פאַר אַ קוואָדער אַ נאַכט.

אין יענעם מאָמענט האָב איך ליב געקראָגן חיימאָוויטשן, דעם פאַר־שטענדיקן און מיטפילנדיקן.

אָפּט, קוקנדיק אויף חיימאָוויטשן דאָ אין קאַפע, האָב איך גע־טראַכט: עפּעס פּאַסט ער זיך גאָרניט אַריין אין דער קאַפע־משפחה פון אינטעלעקטואַלן מיט זיין גלייכער אַטלעטישער פיגור, מיטן פאַר־ברוינטן פּנים און עלעגאַנץ פון קליידן זיך. עפּעס איז ער צו אַריס־טאָקראַטיש און וואַרפט זיך צופיל אין די אויגן מיט זיין שטיין אָן אַ זייט. נאָר ווער קען אורטיילן איינעם לויט זיין אויסזען?

# יוסף אָפּאַטאָשו

איך האָב געקענט אָפּאַטאָשון פאַר אַ סך יאָרן פון לייענען אים און נאָך מער פון הערן ריידן וועגן אים. ס׳האָט מיר אַלעמאָל געדוכט אַז זיין נאָמען ווערט דערמאָנט אין דער פּרעסע און פּריוואַטע געשפּרעכן, מער, ווי וועמען ס׳איז אַנדערן. בין איך געווען נייגעריק צו באַגעגענען אָט דעם פּאָפּולערן מענטשן. אין אונדזער ליטעראַרישער קאַפע איז ער קיינמאָל ניט געקומען, ביז איינמאָל אַן אָוונט, איך בין געזעסן אין קאַפע אַ פּאַרטראַכטער. פון די אַרומיקע טישלעך האָט זיך אין מוח אָפּגעשלאָגן אַ טומל, כאָטש קיין ווערטער האָב איך ניט געהערט, נאָר מיט אַמאָל האָב איך זיך אינסטינקטיוו געגעבן אַ רוק אָפּ אַן אַ זייט, עמעצער איז מיט רוגזה מיר פאַרבייגעגאַנגען. ווען איך רוק זיך ניט אָפּ, וואָלט ער זיך אָן מיר אָנגעשלאָגן.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם מענטש וואָס איז אַ פעסטער, אַ זיכערער, צוגעגאַנגען צו אַ טישל וואו אַ גרופּע קאָלעגן האָבן הויך דעבאַטירט. ביים טישל איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן און באַלד האָט זיך דערהערט אַ טיפער דאָמינירנדיקער קול. כמעט אַ כעסדיקער, איך האָב זיך געטומען וואונדערן: אויף וועמען און פאַרוואָס איז ער אין כעס? נאָר איך האָב גיך איינגעזען אַז ער איז אויף קיינעם ניט אין כעס, נאָר דאָס איז זיין אופן פון רעדן, פון גיין, ווי אַ רבי וואָלט געקנעלט מיט תלמידים און זיין אויטאָריטעט טאָר מען ניט אָפּפרעגן. די זיכערקייט אין דער אייגענער וויכטיקייט, צווינגט אַרויף די אויטאָריטעט אויף אַנדערע.

פאַראַן אַ צייט אין לעבן פון יעדן קינסטלער ווען ער מיינט אַז פון אים הייבט זיך אָן די וועלט. אַז אָן אים וועט די וועלט אונטערגיין. נאָר ווען ער ווערט עלטער, רייפער, קליגער, דערזעט ער אַז די וועלט וועט זיין פונקט אַזוי גוט און שלעכט, אַזוי שיין און מיאוס מיט אים ווי אָן אים, אַז ער איז בלויז אַ זעמדל אויפן ברעג פון ים אויף וואָס אַ זון־שטראַל האָט זיך אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט און איר באַגילדעט ביז אַ טראָט פון אַ פוס אָדער אַ טראָפּן וואַסער, האָט עס אָפּגעווישט... קאָנטיק אַז אָפּאַטאָשו האָט זיך נאָך אין דעם ניט איבערצייגט, ער מיינט נאָך אַלץ אַז אָן אים וועט די וועלט קיין וועלט ניט זיין.

איך האָב געקוקט אויף אים און געטראַכט: איז דאָס ניט פּאָזע? זיין אויסדרוק פון זעלבסט-וויכטיקייט, פון דער זיכערקייט וואָס ער ווייסט מער און קען בעסער פון אַלעמען? אָבער ס'איז ביי אים ניט קיין פּאָזע, ער דאַרף דאָס ניט, ער איז גרויס גענוג קינסטלער אָן פּאָזע, דאָס דאַרפן די, וואָס פּרעטענדירן אויף קונסט נאָר האָבן ניט וואָס צו געבן, וואָס צו ווייזן, זיי דאַרפן פּאָזע ווייל דאָס העלפט צו פּאָפּולאַרי־טעט. אָפּאַטאָשו דאַרף ניט פּרעטענדירן, ער האָט גענוג וואָס צו געבן און גענוג פאַרדינטע פּאָפּולאַריטעט, די וועלט, לייענער ווי שרייבער, האָט אים געהעריק אָפּגעשאַצט, טאָ צו וואָס די דאָמינאַציע? פאַראַן שרייבער וואָס האַלטן נאָר אין קוקן אַרויף, צו די הימלען, ווי זיי וואָלטן זוכן דאָרטן אַ טעמע אָדער אַ גראַם און דערווייל דערזעט מען ניט די, וואָס גייען לעבן זיי און מען טרעט אויף יענעמס היגער־אויגן... דאָס זיינען פאַרטראַכטע מענטשן וועגן אַ גוטע קריטיק אויף זייערס אַ שלעכט ליד אָדער סקיצע, און אַז איינער איז פאַרטראַכט, איז דאָך ניט שייך! פאַראַן ווידער שרייבער וואָס קוקן נאָר אַראָפּ, זיי דערזעען שוין צופיל אַלעמען אַרום זיך און אַלעמאָל קלענערע... קוקנדיק דאַן אויף אָפּאַטאָשון, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק אַז ער באַלאַנגט צום צווייטן סאָרט שרייבער... האָט ער זיך געוואָלט פאַרמעסטן אין כוחות מיט שרייבער פון אַנדערע גערטענער, מיט מאָפּאַסאַן, הוגאָ, באַלזאַק, סינקעוויטש און, ס'איז אים ניט געלונגען. ער האָט צו זיי ניט דערגרייכט, אָבער דער יידישער האַריזאָנט איז פאַר אים גרויס און ליכטיק גענוג צו געבן אים אַ שטול אין די ערשטע רייען פון דער יידישער ליטעראַטור. ניט געקוקט אויף דאָס ביסל איינרעדעניש פון איבערטריבענער „זעלבסט־וויכטיקייט”.

איך הער זיך צו צו זיין קול און מיר דוכט אַז איך פאַרשטיי אים, אַז איך זע יענע ניואַנסן אין אים, וואָס ער אַליין זעט ניט: דאָס איז זיין שטאַרקער גלויבן אין זיך, אין זיינע קינסטלערישע כוחות אַז קיין יידישער שרייבער קען זיך צו אים ניט גלייכן, און דער כוח פון דעם רבין דאָמינירט די אַנדערע שרייבער. קיינער וועט ניט וואַגן אָפּפרעגן זיין אויטאָריטעט און מען הערט זיך צו צו אים.

גרויסע קינסטלער, גרויסע טאַלאַנטן, מענטשן וואָס קענען אויפ־כאַפּן די קלענסטע ניואַנסן, דערזעען אינטואיטיוו די קלענסטע קליי־ניקייטן, אָבער אַזאַ גרויסן מענטש ווי זיך אַליין, דערזעט מען ניט...

# אהרן גלאַנץ־לעיעלעס

ער איז מיר אין אייל פאַרבייגעגאַנגען און אײדער כ׳האָב זיך אומגעקוקט, איז ער געקומען צוריק, באַגריסט מיך און אַנטשולדיקט זיך וואָס ער האָט מיך פריער ניט באַמערקט און גלייך ווידער אַוועק.

איצט האָב איך אים נאָכגעקוקט: וואוהין אײלט ער זיך ווי עפּעס אַ גרויסער גליק וואָלט אויף אים ערגעץ געוואַרט און ער לויפט דאָס כאַפּן? איך האָב זיך אַליין פאַרענטפערט מיין פראַגע:

גלאַנץ לויפט ניט כאַפּן קיין גליקן, ער ווייסט אַז דאָס גליק לויפט גיכער פון אים און ער וועט דאָס ניט אָניאָגן... ער לויפט — ווייל דער אומרו, די אינערציע יאָגט ערגעץ אָן אַ פאַרוואָס, ער אײלט זיך ווייל — עפּעס טראָגט אים אַהין, צו יענעם „דאָרטן״, מיינענדיק, אַז דאָרטן איז דאָ אַ נייער וועג. אַזוי האָט ער געמיינט און אַזוי איז ער געלאָפן זוכן נייע וועגן, אָבער דאָס איז דאָך אַ טעות, דער וואָס זוכט, אײלט זיך ניט, יאָגט זיך ניט, אין געאייל קען מען גאָרניט דערזען און גאָרניט געפינען. גלאַנץ זוכט ניט קיין נייע וועגן, דער אַלטער וועג איז נאָך ווייט ניט אויסגעטראָטן, מער ניט, וואָס דאָס אויג איז געוואָרן מיד קוקנדיק אויף די זעלביקע טריט, פּרובירט ער מאַכן נייע טריט, טיפע, שווערע, עס זאָל זיך מער אָנזען. אָבער די נאָכגייער ווילן ניט גיין אין די נייע שווערע טריט, צו טיף פאַר זיי, אין אַ טיפן טראָט קען מען אַמאָל בלייבן שטעקן און ניט קענען אַרויסציען דעם פוס און גיין ווייטער, ווערט גלאַנץ אָפּט פאַרצווייפלט, אים נעמט זיך דוכטן, אַז ער גייט דאָ איינער אַליין און אויב אַליין, איז שוין בעסער גיין אַנדערש, אַרומגיין דעם אויסגעטראָטענעם וועג, אפשר וועט ער דערזען נייע בלימעלעך און נייע וואָרצלען, אָבער בלימעלעך זיינען ניט ניי און וואָרצלען זיינען ניט ניי, אויב מען האָט זיי ביז איצט ניט באַמערקט, זיינען זיי אָבער אַלעמאָל געווען. גלאַנץ ווייסט דאָס, פאַרשווינדעט דער מאָמענט פון דערפינדערישער באַגייסטערונג און ער דערזעט זיך ווידער אין דעם אַלטן שטייגער אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג, וואַקסט די אומרואיקייט נאָך

שטאַרקער און עס יאָגט ווייטער, דער אימפּעט רייסט זיך פון דער פּען, ביים שרייבן און פון מויל ביים רעדן, ביים גיין אין גאַס און ביים טישל אין קאַפע.

מען האָט גלאַנצן ווי פיל אַנדערע בויער און שאַפער פון דער ייִדי־שער ליטעראַטור געוואָלט צורעכענען צו „ניט פריינטלעכקייט. „גרויס האַלטערישקייט". דאָס איז ווידער אַ טעות. דער געיאָג־טער פון אומרו קען נישט זיין קיין גרויסהאַלטער, ער האָט נישט קיין צייט צו זען זיך, אַריבער דעם צווייטן, דאָס איז דער גלאַסענער, וואָס טראָגט זיין זעלבסטוויכטיקייט פאָראויס שרייענדיק צו די פאַר־בייגער: היט זיך! זעט ווער עס גייט! אָט דער זעלבסטוויכטיקער, באַמערקט אַלעמען ווייל ער קוקט מיט די ווינקלען פון ביידע אויגן אין אַלע זייטן צו זען אויב מען זעט אים, און ווען ער באַגריסט וועמען, איז דאָס מיט דער פאַלירטער העפלעכקייט פון אַריסטאָקראַט און גביר וואָס ענטפערט אַלעמען אויף אַ גוט מאָרגן, כאָטש ער אַליין וועט יענעם קיינמאָל ניט זאָגן אַ גוט מאָרגן פריער. גלאַנץ איז ניט געלאַסן, ניט רואיק צו קוקן מיט די ווינקלען פון די אויגן ווי אַ קאַסאָקער, ער קוקט גלייך צו דער ווייטער וועלט, צו דעם נייעם וועג וואָס ליגט אין ערגעץ ניט. פאַר די אויגן שלענגלט זיך ערגעץ אַ וועג אַרום ווייטע האָריזאָנטן, אַרום נאָך ניט אויסגעוואַקסענע וועלדער, אויסגע־חלומטע באַוואַסערטע מדבריות און אויסגעטראַכטע טייכן. אָבער אויף אָט די וועגן גייט קיינער ניט, קען מען קיינעם ניט זען חוץ די אַליינקייט וואָס וואַרפט אַ ברייטן שאָטן.

איך בין געשטאַנען און אים נאָכגעקוקט און פאַר מיינע אויגן איז נאָך אַלץ געשטאַנען די גלייכע מיטלוואוקסיקע פיגור מיט דעם רונדן אומרואיקן פּנים און טיפע אַריינדרינגנדיקע אויגן מיט דעם אָפּאָלאָגעטישן אויסדרוק אויף זיין פּנים פאַרוואָס ער האָט מיך פריער ניט באַמערקט. דאָס איז ניט געווען גרויסהאַלטעריי, דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון אַ טיף־פילנדיקן מענטשן, וואָס האָט זיך געכאַפּט אַז ער האָט אפשר ניט ווילנדיק, עמעצן ווי געטאָן, האָט ער געלאָזט דאָס גליק נאָך וואָס ער איז געלאָפן, וואַרטן. די נייע אילוזיאָנערישע וועגן וועט ער געפינען שפּעטער, דערווייל — איז ער געקומען זיך אַנטשולדיקן.

וואָס פאַר אַ פיינער מענטשלעכער שטריך.

# דר. א. קאָראַלניק

גייענדיק פון דער לויה פון דר. קאָראַלניק, בין איך געבליבן זיצן אין אַ פּאַרק געמאַטערט פון מחשבות וואָס האָבן זיך אַרומגעיאָגט אין מוח. פראַגעס — איינע שווערער פון דער צווייטער, האָבן זיך גע־פלאָנטערט איינס אין אַנדערן, אָבער קיין ענטפער האָב איך ניט באַ־קומען און דער וואָס וואָלט אפשר געקענט ענטפערן, איז מער ניטאָ און קיין צווייטער קאָראַלניק איז אויך ניטאָ.

איינס פון די פראַגעס איז געווען: פאַרוואָס זיינען מענטשן שלעכט און קאַרג אויף אַ גוט וואָרט פאַר אַ קינסטלער? פאַרוואָס מוז אַ קינסט־לער פריער שטאַרבן, כדי צו „הערן" אַ גוטע מיינונג וועגן זיך? ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט און באַשאַפן דאָס געזעץ אַז אַ קינסטלער מוז שטאַרבן כדי מען זאָל וועגן אים זאָגן אַ גוטע מיינונג? איך האָב גע־הערט אַלערליי אַרגומענטן און ענטפערס אויף אָט דער פראַגע, נאָר ס'האָט געקלונגען מער ווי אַן אויסרייד אויף צו ענטפערן, ווי דער ענטפער גופא; מען גיט אָן אַז מיר האָבן צופיל „קרענקס", איינגע־רעדטע טאַלאַנטן און אין דעם ווירוואַר פון ליטעראַטן וואָס מישן זיך אויס און דריקן זיך די פּלייצעס ביי איין טיש, איז שווער צו וויסן ווער איז ווער, ווי אין אַ שטורעם דרייען זיך אינאיינעם בלעטלעך פון ביימער מיט שמאַטקעס פון גאַס. דערפאַר טאָר מען קיינעם ניט זאָגן אַ גוט וואָרט, דער מאַניאַק וועט אַלץ נעמען אויף זיין רעכענונג... אָבער דאָס איז אַ פאַלשע אויסטייטשונג, דער „קרענק" איז גאָרניט אַזוי סענסיטיוו אַז ער זאָל זיך נעמען צום האַרצן וואָס מען פאַרזעט אים, פאַר אים איז גענוג אַז אַ טאַלאַנטפולער שרייבער זאָל אים רופן „קאָ־לעגע"... דער דאָרן דאַרף ניט קיין זון און טוי, אָבער די בלום קאָן אָן דעם ניט לעבן.

פאַר מיר איז געשטאַנען דר. קאָראַלניק ווי ער האָט צו אונדז גערעדט אין דעם „פרייען אַרבעטער צענטער" אויף סעקאָנד עוועניו. זיין טעמע איז געווען: „דער מאָדערנער באַגריף פון פרייהייט". די אויפפאַסונג — אַ ריין מעטאַפיזישע, נאָר דאָס לשון קלאָר, דער סטיל איינפאַך אַז יעדער איינער וואָס האָט געלייענט עפּעס מער ווי אַ טאָג־ציטונג, האָט אים פאַרשטאַנען.

נאָך דער לעקציע, ביי אַ גלעזל טיי, האָבן מיר געשמועסט וועגן זיין פּאַרטייטש פון פרייהייט, דערביי האָב איך אים געדאַנקט פאַר ענטפערן מיר אויף פראַגן, אויף וועלכע כ'האָב קיינמאָל ניט געקראָגן קיין ענטפער.

— אָבער — האָט ער גענומען טענהן. — איך פרעג זיך אַליין, האָב זיך אַלעמאָל געפרעגט און קיינמאָל ניט געקראָגן קיין ענטפער אויף מיינע פראַגן.

— יאָ, דאָקטאָר, — האָב איך אים געזאָגט — אויב איר געפינט ניט קיין ענטפער פאַר זיך, פאַרענטפערט איר אָבער מיט אייערע פראַגן, די פראַגן פון אַנדערע.

אַ וואַרעמער שמייכל, אַ האַרציקע צופרידנקייט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין רונדן פאַרטראַכטן פּנים פון מיין ענטפער. ער, דער וואונדערלעכער סטיליסט, דער גרויסער געלערנטער, איז געוואָרן דערוואַרעמט פון אַ גוטע מיינונג וועגן אים פון זיינעם אַ לייענער און פאַרערער. ווייל — מיר אַלע ווילן דאָך הערן אַ גוט וואָרט וועגן זיך, אָט די פריינטלעכקייט וואַרעמט אונדז ווייל דאָס פעלט אונדז. ס'איז ניט גרויסהאַלטעריש צו וועלן געפעלן ווערן, ס'איז מענטשלעך, קליינע קינדער וועלן זיך חנדלען און גרויסע וועלן זיך פוצן געפעלן צו ווערן.

איך האָב דאַן, זיצנדיק מיט אים ביים טיש, זיך נעענטער, בעסער צוגעקוקט צו אים, געוואָלט אים בעסער פאַרשטיין, אָט דעם טיףגלויביקן אין דער עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פון דער וועלט און דאָך זיין אַזוי סקעפּטיש, צווייפלען אין דעם גרויסן איפּטו פון וועלטבאַשאַף. ער האָט ליב מענטשן און גלויבט ניט אין זייער קאָמפּעטענץ פאַר זעלבסט־שטענדיקייט. ער האָט ליב דאָס לעבן און קוקט אויף דעם מיט ביטול. ער האָט ליב די ניט־געצאַמטע, אומבאַגרענעצטע פרייהייט לויט דער פולער אַנאַרכיסטישער קאָנצעפּציע און איז אַ שקלאַף צו זיינע צווייפלען, אונטערוואַרפן די ניט־זיכערקייט פון זיין אני מאמין. ער איז אַ לערער פון יענעם וואָס לערנט אַלעמאָל פון יענעם און איז קיינמאָל ניט זיכער מיט זיין וויסן... וויפל פּאַראַדאָקסן ער האָט דאָס אין זיך געהאַט.

קורץ נאָך זיין טויט, האָט דר. מוקדוני געהאַט וועגן אים אַן אַרטיקל אין „מאָרגן־זשורנאַל", אין דעם אַרטיקל באַקלאָגט זיך מוקדוני אַז מען האָט דר. קאָראַלניקן ניט גענוג אָפּגעשאַצט ביים לעבן. זייער ריכטיק! אָבער ווער האָט ניט געלאָזט דר. מוקדוני און אַנדערע שרייבער אָפּשאַצן דר. קאָראַלניקן ביים לעבן? ווער האָט דאָס זיי פאַר־

ווערט? ביי אַ סימפּאָזיאום פון „פּרץ שרייבער פאַראיין" וועגן יידישן בוך, איז דערמאָנט געוואָרן אַז אַ פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן די שריפטן פון דר. קאָראַלניק, אָבער די ביכער ליגן ביים פאַרלעגער, דער עולם קויפט ניט.

זיצן מענטשן ביים סימפּאָזיאום און פרעגן: ווען האָט מען אַרויס־געגעבן דר. קאָראַלניקס שריפטן? וואו קריגט מען זיי? מען האָט ניט געוואוסט פון די ביכער ווייל אין דער פרעסע האָט מען זיי ניט דערמאָנט און דער פאַרלעגער וועט דאָך ניט אינוועסטירן קיין געלט פאַר אַזעלכע ניט וויכטיקע אַנאָנסן... און שרייבער האָבן ניט קיין צייט זיך אָפּצורופן. איך דערמאָן זיך: דער זייער ניט אָפּגעשאַצטער מ. י. חאַימאָוויטש, דערציילט אין דער „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", אַז מיט 14 יאָר צוריק האָט אַ חבר פּאָעט אים צוגעשיקט אַ ביכל לידער און ס'איז נאָך אַלץ ניט געווען קיין צייט דאָס איבערצולייענען...

גאָט! וויפל טעג און נעכט חאַימאָוויטש, ווי אַ סך אַנדערע, האָבן דאָס געפּטרט אין קאַפע, נאָר איבערצולייענען אַ ביכל לידער פון אַ חבר פּאָעט, איז קיין צייט ניט געווען... ווער ווייסט, מען וואָלט נאָך אפשר געדאַרפט עפּעס אָנשרייבן וועגן דעם... ס'וואָלט זיין אַן אַבסורד צוצורעכענען דר. קאָראַלניק צו די געקריוודעטע און באַ־עולהטע און פאַרשוויגענע, איז ער דאָך געווען איינער פון די אָנער־קענטע וואָרט־קינסטלער אין דער יידישער ליטעראַטור, נאָר דר. קאָראַלניק האָט זיך אַליין באַצייכנט אַלס אַ געקריוודעטן אין איינעם פון זיינע עסייען. קאָנטיק אַז דער עגאָ איז ביי דעם גרעסטן ווי ביים קלענסטן קיינמאָל ניט זאַט. דער מענטשלעכער עגאָ, וויפל ער זאָל ניט איינשלינגען, האָט געגעבן אָרט פאַר נאָך און נאָך און נאָך...

איך בין געזעסן אין פּאַרק, געקוקט אויף אַלץ און אַלעמען אַרום מיר און גאָרניט געזען. פאַר די אויגן איז געשטאַנען דר. קאָראַלניק מיט זיין אומעטיק־פאַרטראַכטן פריינטלעכן פּנים, מיט דעם הויכן שטערן און רונדע פיגור, אָט דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט וואָס האָט אַלעמען געזען מער, ווי אַ סך פּאָעטן וואָס האָבן ניט אויף זייער גע־וויסן קיין איינציק גוט ליד און עסייאיסטן וואָס האָבן נאָך ניט אויס־געזאָגט וואָס זיי טראַכטן... אַ סך פראַגעס זיינען דורכגעלאָפן אין מוח, נאָך קאָנטיק אַז איך האָב זיך אָנגעשטעקט מיט דר. קאָראַלניקס סקעפּטיציזם, איך האָב גענומען צווייפלען צי וועלן אָט די פראַגעס ווען עס איז פאַרענטפערט ווערן...

# לוי גאָלדבערג

ס׳איז געווען אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן. מען האָט געפייערט דאָס דערשיינען פון אַ בוך לידער פונעם פּאָעט לוי גאָלדבערג. דאַכט זיך דאָס איז פאָרגעקומען אין וועבסטער האָל, דאַון־טאַון. בין איך געגאַנגען צו דעם אָוונט צו זען און הערן.

דעם פּאָעט האָב איך פּערזענלעך דעמאָלט ניט געקענט.

בין איך געזעסן און געקוקט אויפן דיכטער און געהערט די רעדעס, לויבגעזאַנגען פאַרן דיכטער, אָבער אויף מיר האָבן די רעדעס קיין איינדרוק ניט געמאַכט, טאַקע צוליב דעם דיכטער אַליין.

איך האָב דאַן געהאַט אַ באַשטימטע פאָרשטעלונג פון אַ פּאָעט, ווי ער באַדאַרף אויסזען; האָב איך זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַ פּאָעט קען אויסזען אַנדערש ווי יהואש, לייוויק, ליעסין, רייזען, בלייכע, אויסגעמאַטערטע ווי פון אַ קראַנקייט. יענע פּאָעטן האָב איך געקענט פון דער נאָענט, פאַרבראַכט מיט זיי און זיי געזען אין דער געשטאַלט ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט דעם פּאָעט. אָבער דאָ זע איך אַ יונגנמאַן, אַ קיילעכדיקן פון זון־אָפּגעברענטן, אַזאַ פרישן און מיט מאַזאָליסטע הענט! ווי קומען צו אַ פּאָעט מאַזאָליסטע הענט? ניין! אַזאַ איינער קען ניט זיין קיין פּאָעט!...

יאָרן זיינען פאַרביי און איך האָב זיך נענטער באַקענט מיט לוי גאָלדבערגן. אָפּט געשמועסט מיט אים און זיך בעסער צוגעקוקט צו אים. איך האָב גענומען לייענען מער און אָפטער זיינע לידער און דערזען: ס׳איז ניט קיין אויסערלעכער אויסזען וואָס מאַכט דעם פּאָעט, נאָר דאָס וואָס ער פילט און דענקט און האָט די פעאיקייט, דעם טאַלאַנט דאָס צו זאָגן. און צוקוקנדיק זיך נענטער צו אים, האָב איך דערזען אין זיינע אויגן דאָס, וואָס איך האָב פריער ניט באַמערקט; די אומרואיקייט וואָס רעגט טיף אין דער נשמה, נאָר לוי גאָלדבערג טראָגט עס באַהאַלטן אונטער דעם ברוין פון זיין פּנים. איך האָב דערזען נאָך עפּעס, דאָס — וואָס בלויז דער געבאָרענער

דיכטער פאַרמאָגט עס, לוי גאָלדבערג רעדט קיינמאָל ניט פון עפּעס אַנדערש ווי — ליד. צי דאָס איז זיינס צי אַן אַנדער דיכטערס, ער לעבט און אָטעמט מיטן ליד. איך האָב זיך אָפט געוואונדערט און גע־פרעגט זיך אַליין: אינטערעסירט אים גאָרניט אין דער וועלט אַרום אים, שלום און מלחמה, באָמבעס און סטרייקס, פּאָליטיק און סאָצי־אַלע פּראָבלעמען? איך האָב אפילו ניט געקענט אויסגעפינען, צי ער באַלאַנגט צו אַ וועלכער עס איז פּאַרטיי, וואו איז ער אַן אָנגעהע־ריקער? האָט ער אַן אידעאָלאָגיע? ער רעדט ניט פון די אַלע זאַכן, דעבאַטירט ניט וועגן דעם, נאָר דער גאַנצער וועזן אין אים צינדט זיך אָן, ווען מען רירט אָן די יידישע ליטעראַטור, דערהויפּט דאָס ליד!

אַ סך פּאַפּיר און רייד זיינען פאַרנוצט געוואָרן אין דעבאַטעס איבער אָט דעם ענין; דאַרף אַ דיכטער זיין אַן אָנגעהעריקער צו אַ באַשטימטער ריכטונג? דאַרף ער זיין אַ פּאַרטיי־מענטש און גיין אין שפּאַן פון פּאַרטיי־באַשלוסן? וועט ניט די פּאַרטייאישקייט צונעמען אַ גרויסן טייל פון זיין ענערגיע און דאָס וועט שטערן דעם פולן אויסדרוק פון זיין פּאָעטישער עמאָציע? דער פּאַרטייאישער דיכטער קען ניט רעאַגירן אויף אַלע אָנרעגונגען פון וואָס אַ דיכטער ווערט באַווירקט. די שאַטירונגען פון זיינע עמאָציעס ווערן באַהאַלטן אין דער עקשנות פון פּאַרטייאישקייט, דערפאַר דאַרף אַ דיכטער זיך היטן פון ריכטונגען, ניט לאָזן זיך ווערן פאַרפירט אין קאַמף פון מיינונגען. דער דיכטער דאַרף ווידמען זיין האַרץ, נשמה און געדאַנק בלויז דעם ליד!

קומט דער צד שבנגד און זאָגט:

— אויסער דעם געבוירענעם טאַלאַנט צו קענען אַרויסזינגען דאָס וואָס ער פילט, פרייד און צער, אַנטוישונג און האָפענונג, ליבע און האַס, צאָרן און צערטלעכקייט, און אַלע אַנדערע רעגונגען וואָס אַ מענטש לעבט דורך — אויסער זיין פּאָעטישן טאַלאַנט, איז דער דיכ־טער דער זעלביקער מענטש ווי אַלע אַנדערע, מיט אַלע פיזישע און גייסטיקע נייטיקייטן, מיט אַלע פונקציעס פון אַ לעבעדיקן מענטשן און צו דעם איז ער אויך מיט טויזנטער פעדעם צוגעבונדן צו זיינע מיטמענטשן, סאָציאַל און פּאָליטיש, אָפט קעגן זיין ווילן. ער קען דעם סאָציאַלן טייל פון זיין לעבן ניט אָפּטיילן פון דעם אַרום. מוז ער רעאַגירן אויף גוטס און שלעכטס אין דעם אַרום, אויף רעכט און אומרעכט. און טאַקע דער דיכטער קען מיט זיין וואָרט, מיט זיין

פלאַמענדיקן שאַרף־געשליפן וואָרט, העלפן אויסגלייכן דאָס קרומע אין לעבן, העלפן דעם געפאַלענעם און געקריוודעטן, בלויז דאַן האָט זיין ליד אַ ווערט און דויער! דער דיכטער וואָס רופט זיך ניט אָפּ אויף די געשעענישן פון טאָג, דער דיכטער וואָס לעבט בלויז אין־זיין אייגענער עמאָציאָנעלער וועלט, איז טויב און בלינד און זיין ליד ווערט ניט דערזען, אויב מען באַמערקט עס יאָ, ווערט עס באַלד פאַרגעסן.

האָב איך אַ לאַנגע צייט זיך געוואונדערט וועגן לוי גאָלדבערגן, ביז עטלעכע לידער זיינע האָבן מיר באַוויזן זיין אינערלעכע וועלט, די ריכטונג פון זיין טראַכטן און ווי אַזוי ער רעאַגירט אויף געשעענישן. זיין ליד „מיר אין קריג", אַ דורכאויס סוביעקטיוו ליד, באַווירקט פון זיין זונס אַוועקגיין אין קריג, איז אָבער אַזוי אוניווערסאַל־מענטשלעך, אַ געשעעניש וואָס האָט אָנגערירט מיליאָנען טאַטעס, וועמענס זין עס זיינען אַוועק אין דער מלחמה. זיין ליד „באַליידיקט" וואו דער רייכער פעטער טרייבט אַרויס דעם אָרעמען ברודער — דאָס ליד איז אַזוי רירנדיק, רעגט אָן מיט אַזויפיל האַס און צאָרן קעגן די רייכע, די זאַטע, אַז אפשר ניט־ווילנדיק אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז לוי גאָלדבערג ווי אַן אמת־רעוואָלוציאָנערער דיכטער, כאָטש ער צאָלט ניט קיין שטייער אין אַ וועלכער עס איז פאַרטיי. אַזוי דערזעען מיר אים אַן אָנגעהעריקן צו דער פאַרטיי פון די דערנידעריקטע, די פאַרפאָלגטע, די עלנטע און היימלאָזע. ער באַווייזט אונדז אַז דער דיכטער דאַרף ניט זיין קיין שטייער־צאָלנדיקער מיטגליד אין אַ פאַרטיי, אָבער ער האָט זיינע רעגונגען קעגן אומרעכט און ווי אַ מענטש בלייבט ער ניט גלייכגילטיק צו די עוולות פון מענטש קעגן מענטש. און ער פּראָטעסטירט קעגן די מאַכטהאָבער און מאַכט־זוכער. האָט מיר לוי גאָלדבערג באַוויזן, אַז אַ דיכטער טאָר ניט זיין געפּענטעט אין די שטריק פון אַ פאַרטיי, ער דאַרף זיין פריי צו קענען אָנווייזן אויף די אומגערעכטיקייטן פון דער פאַרטיי ווי פון דעם יחיד.

לוי גאָלדבערג, דער דיכטער, האָט זיך טאַקע אַרויסגעהויבן איבער אַלע פאַרטייאישקייטן, זיין איינציקע אָנרעגנדיקע טעמע איז — ליד, ליטעראַטור. ער איז אָבער ניט טויב און בלינד צו דעם אַרום, צו די נויטן פון אַן אַנדערן. ער איז — ווי אַ דיכטער דאַרף זיין.

# הערמאַן גאָלד

אין דרויסן האָט געברענט אַ שאַרפער פראָסט און אַ שטאַרקער ווינט האָט געריסן די שויבן. מיר, אַ גרופּע שרייבער, זיינען געזעסן אין קאַפע אין דער וואַרעם ביי אַ טעפּעלע קאַווע און געמיטלעך גע־שמועסט. מיטאַמאָל האָט זיך אין קאַפע אַריינגעריסן אַ מאַן אָן אַן אויבער־ראָק, אָן אַ הוט, אין אַ גרויען זומערדיקן רעקל און טונקעלע הויזן וואָס איז געווען שווער צו דערקענען זייער אַמאָליקן קאָליר. די אָפּגעשפּילעטע קאַמזויל האָט געקוקט אי צום רעקל אי צו די הויזן ניט וויסנדיק צי ווּעמען זי האָט אַמאָל באַלאַנגט... דאָס העמד ביים האַלדז איז געווען אָפן און אַ שניפּס וואָס האָט געהאַלטן ביים אַראָפּפאַלן, האָט פאַרדעקט די ליידיקייט. זיינע שוואַרץ־גרויע האָר פון קאָפּ און באָרד, האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן פּראָטעסטירט קעגן אים פאַר זיין קאַלטער באַציאונג צו זיי.

אין קאַפע איז געוואָרן לעבעדיק. אפילו די שווערע לופט וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן רויך פון די ציגאַרן און סיגאַרעטס און האָט אויסגעזען ווי אַ וואָלקן, האָט זיך אַ וויג געטאָן.

— גאָלד! גאָלד! — האָט זיך דערהערט פון אַלע זייטן.

דער קאַלטער גאַסט גייט צו צו אַ טישל:

— נו, וואָס זאָגט איר? — דערהערט זיך זיין ווייכער צעצוי־גענער קול — איר האָט געהערט די מעשה? וואָס, ניט געהערט? טאַקע! — און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, גייט ער אַוועק צו אַן אַנדער טישל.

ביים צווייטן טישל עסט איינער לאַטקעס. און איידער יענער קוקט זיך אַרום, האַלט גאָלד אַ לאַטקע ביי זיך אין האַנט.

— טייערע לאַטקעס! — רופט אויס גאָלד, — סעי, ווען קומסטו אַהער נאָכאַמאָל? געדענק־זשע, איך וועל דאָ זיין מאָרגן ווידער! — און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, איז ער שוין ביי אַ דריטן טישל.

— סעי, דו האָסט די פיר סענט? — פרעגט ער איינעם.

— וואָסערע פיר סענט? — פרעגט יענער.

— אָט די פיר סענט וואָס פעלן מיר אויס צום ניקל...

— איך וועל דאָ זיין מאָרגן, פאַרגעסט ניט צו קומען! — זאָגט יענער.

אין אַ ווינקל פון קאַפע זיצט אַן עלטערער מענטש, אַ באַרימטע

פערזענלעכקייט און לייענט אַ צייטונג. גאָלד גייט צו צו אים, נעמט אַרויס די צייטונג פון יענעמס האַנט און הייבט אָן לייענען.

יענער קוקט אויף אים און ווייסט ניט צי זאָל ער זיך בייזערן אָדער לאַכן, נאָר ער נעמט צו די צייטונג פון גאָלדן און זאָגט גאָרניט.

— אַזוי? — זאָגט גאָלד — ס'איז אײַער צייטונג? טאַקע! וואָס־זשע שווייגט איר?

דער לייענער שווייגט.

— דאָקטאָר, ס'איז טאַקע אמת וואָס מען זאָגט? זיי וועלן דאָך ניט אויסטראַכטן!

דער דאָקטאָר זאָגט נאָך אַלץ גאָרניט.

— וואָדען, — זאָגט גאָלד, — אַז מען זאָגט, איז מסתמא אמת!

דער דאָקטאָר גיט אויף אים אַ קוק מיט אַ לייכטן שמייכל, אָבער פרעגט ניט וואָס מען זאָגט...

— גאָלד! גאָלד! — האָט עמעצער אַ רוף געטאָן.

ער קוקט זיך אַרום, דערזעט דעם וואָס האָט אים גערופן, שטעלט אָן אויף אים אַן אויסגעצויגענעם פינגער און מיט אַן ערנסטן פּנים און לאַכנדיקע אויגן פרעגט ער:

— סעי, ווילסט טאַקע וויסן? צו וואָס דאַרפסטו וויסן? און אַז דו וועסט שוין וויסן, איז וואָס? זאָג מיר, וואָס דענקסטו פון דער „צוקונפט"?

— וועמענס צוקונפט? — פרעגט יענער — מײַנע, דײַנע, צי פון גאַנצן יידישן פאָלק?

— אָט די „צוקונפט" וואו ער האָט אַ נייע ליד, — ווײַזט אָן גאָלד אויף איינעם, — אַ פיין ליד, נאָר צו זיין סקיצע — ווײַזט ער אָן אויף אַ צווייטן — קומט עס ניט!

— דו האָסט שוין געלייענט דאָס ליד מיט דער סקיצע? — פרעגט יענער גאָלדן.

גאָלד ענטפערט ניט און וואַרט ניט אויף נאָך אַ פראַגע נאָר גייט אַוועק צו אַן אַנדער טישל.

ביי יענעם טישל ווערט אָנגעפירט אַ היציקע דיסקוסיע וועגן עפעס אַן ענין. גאָלד פאַלט גלייך אַריין איינעם אין די רייד:

— טאַקע? איר מיינט עס? אַבי זיי זאָגן אַז ס'איז געוועזן אַנדערש!

גאָלד בלייבט זיצן ביים טישל. זיין יונג באַוואַקסן פּנים שמייכלט אין דער וועלט אַריין ווי ס'וואָלט אים פון עפעס זייער שטאַרק הנאה

געטאָן נאָר ער וויל ניט אויסזאָגן פון וואָס, אויב איינער איז נייגעריק צו וויסן, טאָ זאָל ער אַליין אויסגעפינען. וואָס, ער איז עפּעס אַ פרייע אינפאָרמאַציע ביורא? ער האַלט זיין סוד פאַר זיך אַליין. פונדעסט־וועגן בעטן זיך די אויגן: פרעג! איך וועל טאַקע ניט אויסזאָגן, אָבער דו פרעג!

אַ פרוי וואָס איז געזעסן ביי אַ דערבייאיקן טישל זעענדיק גאָלדן צום ערשטן מאָל, זיין גאַנג און אויפפירונג, ווענדט זיך צו אונדז:

— ווי עס זעט אויס איז אָט דער מענטש אַ היימישער דאָ, מיט אַלעמען גאַנץ אינטים ביי אייך אין קאַפע, טאָ פאַרוואָס שאַפט איר ניט אַביסל געלט פאַר אים? זאָל ער זיך קויפן אַ מאַנטל, זאָל ער האָבן וואָס אָפּצועסן, ער זאָל ניט דאַרפן כאַפּן פון די טעלער!

מיר שמייכלען. איינער ענטפערט:

— אָט דער וואָס כאַפּט דאָרטן פון די טעלער, האָט מער ווי מיר אַלע צוזאַמען...

— טאָ פאַרוואָס־זשע?... — וואונדערט זיך די פרוי.

— יעדער מענטש האָט זיך זיינע משוגעתן און גאָלד האָט זיינע — ענטפערט איר נאָך איינער. — מען זאָגט אפילו אַז אין דער שטיל העלפט אויס גאָלד איינעם, וואָס קען פאַר זיך קיין מאַנטל ניט קויפן... גאָלד קען זיך פאַרגינען צו גיין אָנגעטאָן ווי ער וויל און אָפּטאָן שפיצלעך וואָס אַן אַנדערער וואָלט ניט געוואַגט...

— איז ער אַ שרייבער? — פרעגט די פרוי.

— יאָ, איינער פון די פיינסטע שרייבער פון קינדער־מעשהלעך.

— אַזאַ איינער איז ווערט אַ באַנקעט! — זאָגט די פרוי.

— שוין געמאַכט אים אַ באַנקעט, — דערקלערט נאָך איינער.

— אָבער גאָלד איז ניט געקומען. אַרום צוועלף ביינאַכט ווען מען איז אַרויס אים זוכן, האָט מען אים געפונען אין קאַפע ווי ער גייט אַרום פון טישל צו טישל און שיקט אַלעמען צו זיין באַנקעט.

די פרוי האָט אים נאָכאַמאָל באַטראַכט, אָבער שוין מיט גאַנצע אַנדערע אויגן.

איך בין געזעסן ביים טישל, געקוקט אויף גאָלדן און געטראַכט:

— פון זיך אַליין קען קיינער ניט אַנטלויפן אָדער זיך אויסבאַ־האַלטן. סוף־כל־סוף ווייזט ער זיך אַרויס אין אַלע זיינע שאַטירונגען. הערמאַן גאָלד וועט שוין בלייבן אַ שיינע קינדער־מעשהלע, וואָס גרויסע הערצן מיט אַ שמייכל.

# יאָסל קאָהן

די רואיקייט, וואָס האָט ווי אַרומגעשוועבט אַרום די טישלעך אין קאַפּע, האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעריסן. ווי צונויפגערעדטער־הייט, זיינען אַלע שטיל געוואָרן און עפּעס געוואַרט. ניין, קיין שטורעם האָט דעם דאַך פון קאַפּע ניט אַראָפּגעריסן, קיין דונער האָט די גאַס ניט אויפגעטרייסלט, בלויז יאָסל קאָהן איז אַריין אין קאַפּע.

ער איז אַריין מיט אַ כעס, אויפגערעגט און בייז, ווי ער וואָלט נאָר וואָס געהאַט אַ היציקן אַרגומענט מיט עמעצן אין דרויסן און איז דאָס אַריין אַהער אויסלאָזן צו עמעצן דעם כעס. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער מיט איין האַלבער פּלייצע צו דער קיך און די צווייטע צו דער גאַס־טיר, אַז מען האָט ניט געוואוסט צי וויל ער אַריין אין קיך, אָדער אַרויס צוריק אין גאַס. ער האָט, דוכט זיך, קיינעם ניט געזען און געקוקט אויף אַלעמען. מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט עטלעכע אויסרופן: — יאָסל! יאָסל!

יאָסל האָט זיך אַרומגעקוקט, איז צוגעגאַנגען צו אַ טיש פון וואַנען מען האָט אים גערופן און ווי דורך אַ כישוף איז זיין פּנים פאַרענדערט געוואָרן. דער כעס און בייז זיינען געוואָרן אָפּגעווישט, זיין פּנים איז געוואָרן ווייך, קינדיש־גוטמוטיק און עכט־ברודעריש האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— נו, חברל, געלייענט מיין לעצטע ליד וועגן וואַן־גאָג? ס'איז אַ מייסטערווערק! וואָדען, איר וועט קענען אָנשרייבן אַזאַ ליד?

— געלייענט אייער ליד, יאָסל, ס'איז טאַקע אַ מייסטערווערק, וואָס די אומדאַנקבאַרע וועלט וויל ניט אָנערקענען, אָדער פאַרשטייט ניט וואָס גוט איז... אָבער וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף דעם אומגליקלעכן וואַן־גאָג? ווינציק האָט ער געליטן אָן אייער ליד? ווען ער וואָלט היינט געלעבט, וואָלט ער, מיט זיין אימפּולס צו קענען זיך אָפּהאַקן אַן אויער, פון אייער ליד זיך אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ! צו וואָס האָט איר אים אַזוי צעפּאַלמעסט?

יאָסל האָט אַ ווילע געשוויגן. זיין פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט כעס און רוגזה:

— אַזוי? איר מיינט, איר קענט שרייבן! איר מיינט, איר זענט

אַ קינסטלער! איר מיינט, איר מיינט... יאָסל האָט אַליין ניט גע־ענדיקט זאָגן וואָס יענער מיינט, יאָסל האָט אַליין ניט געוואוסט וואָס יענער מיינט און ער אַליין מיינט, ער האָט אָבער, קאָנטיק, פאַרשטאַ־נען אַז מען קיבעצט אים און זיין פּנים האָט זיך ווידער געענדערט, ווידער געוואָרן ווייך און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, חברל, מען דאַרף פאַרשטיין וואַן־גאָג און טאַקע קענען אָנשרייבן אַ גוט ליד! איר ווילט אַ קאַווע? יאָ? זייט אַזוי גוט און ברענגט מיר אויך איינס, שוואַרצע מיט מילך ביי דער זייט.

אַרום זייער טישל איז געוואָרן טומלדיק, גערעדט האָבן אַלע דאָרטן, אָבער געהערט האָט מען בלויז יאָסלען.

איך בין געזעסן און געקוקט אויף זיין פּנים, וואָס קען זיך אַזוי גיך בייטן, און איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ טאָג ווען איך בין געווען אויפן שפּיץ באַרג מעקגרעגאָר פון וואַנען גענעראַל גרענט האָט קאָ־מאַנדירט זיין אַרמיי ביי סאַראַטאָגאַ. דער העל־בלויער האַלב־רונ־דיקער הימל וואָס איז געווען אָנגעהאַנגען אָן די שפּיצן ריזיקע בערג וואָס שטייען דאָרט געקלאַמערט איינס אין אַנדערן און היטן די גרויסע שטיק וועלט צווישן זיי, האָט זיך פּלוצעם פאַרענדערט, אויף דעם העלן בלוי האָט זיך באַוויזן אַ וואָלקנדל, באַלד נאָך איינס, און נאָך איינס, און באַלד האָבן זיך אויפן הימל געגומען פאָרמירן אוזאָרן, אַלערליי בילדער, דאָ פון אַ חיה, דאָ פון אַ שיפל, דאָ אַ מענטשלעכע צורה, און דאָ אַ כוואַליע אויף וואַסערן, אויף אויפגעריסענעביימער. האָב איך קוקנדיק אויף יאָסלען געטראַכט: פּונקט ווי מען קען ניט קאָנטראָלירן די שטיקלעך וואָלקן, זיי זאָלן אָנהאַלטן לענגער זייער אויספאָרמירונג פון עפּעס באַשטימטעס, אַזוי קען יאָסל ניט קאָנ־טראָלירן זיינע עמאָציעס, וואָס בייטן זיין פּנים און פאָרמירן אַלע ווײַלע עפּעס אַנדערש. .אין מיינע אויערן האָט נאָך אַלץ געקלונגען דער קיבעץ וואָס מען האָט אים געגעבן וועגן זיינע וואַן־גאָג לידער; טאַקע פאַרוואָס האָט אים אימפּאָנירט דער גרויסער אומגליקלעכער מייסטער מער פון אַנדערע? זיינען דאָך געווען אַנדערע גרויסע קינסטלער, אַ ראַפאַעל, אַ לעאָנאַרדאָ דע ווינטשי, אַ פּיסאַראָ, אַ רעמבראַנדט, פאַרוואָס האָט אַ וואַן־גאָג אָנגערעגט יאָסלען מער פון אַלע אַנדערע? איז דאָס געווען דער אומקאָנטראָלירבאַרער אימפּולס וואָס האָט זיי ביידן געטריבן צו ניט איבערטראַכטן מעשים? ערגעץ וואו איז צווישן זיי פאַראַן אַ נשמה ענלעכקייט, אַן עמאָציאָנעלע פאַר־בינדונג וואָס האָט יאָסלען געבראַכט צו וואַן־גאָג.

— יאָסל! — האָט עמעצער אַ רוף געטאָן, — איר האָט שוין געקויפט אַ טלית און תפילין?

— זע נאָר ווער עס רעדט! — האָט יאָסל אַ ברום געטאָן. — איך דאַרף אַ טלית און תפילין, ווייל איך האָב געזינדיקט, און הנאה געהאַט, איר האָט דאָך אפילו זינדיקן ניט געקענט!

אַלע אַרום האָבן זיך צעלאַכט און יאָסל — מער פון אַלעמען, ניט אַזוי פון זיין חכמה, ווי פון עפּעס וואָס האָט זיך ווי אַרויסגעריסן פון זיין טיפעניש און אים געבראַכט אין אַן אַנדער שטימונג.

— נו, חברל, איר ווילט ניט קיין קאַווע? טאָ ברענגט מיר איינס סיי־ווי, שוואַרצע מיט מילך ביי דער זייט.

— וואָס איז, יאָסל, אייך וועלן זיי ניט פאַרקויפן קיין קאַווע? צי איר האָט ניט קיין כוח זיך אויפהייבן?

— זיי פאַרקויפן אַלעמען — זאָגט יאָסל — אפילו אַזעלכע קאַליקעס ווי איר זענט, אָבער די קאַווע האָט אַן אַנדער טעם ווען מען טראָגט דאָס אייך צו...

אַ באַרימטער דיכטער איז צוגעקומען צום טיש.

— העלאָ, יאָסל, איך האָב געלייענט אייער לעצט ליד, ס׳איז באמת אַ גוט ליד!

—וואָס פאַר אַ ליד? — פרעגט יאָסל.

— אָט דאָס ליד וועגן אויפשטייג״.

— אַזוי? איר האָט געלייענט מיין לעצט ליד? איך האָב שוין געהאַט אַ טוצן לידער נאָך דער „לעצטער״.

— איך האָב געמיינט אייער לעצט גוט ליד... — איז יענער ניט געבליבן שולדיק קיין ענטפער. אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

יאָסל איז געבליבן זיצן שטיל. איך האָב געפילט ווי די שטילקייט זאָגט אָן אויף אַ שטורעם און טאַקע באַלד האָט עמעצער אַ פרעג געטאָן:

— יאָסל, איר טוט עפּעס?

יאָסל האָט אַ ברום געטאָן:

— וואָס מיינט איר „טוט עפּעס״? איר לאָזט דען עמעצן צו — מען זאָל האָבן וואָס צו טאָן? איר האָט פאַרכאַפּט אַלע דזשאַבס, פאַרנומען אַלע פלעצער, אויסגעפילט אַלע ווינקעלעך אין די רע־דאַקציעס און איר פרעגט נאָך צי „מען טוט עפּעס״? די נעכטיקע הונגעריקע האָבן איבערנאַכט פאַרגעסן וואָס נעכטן איז געווען און מען ליגט מיט אַלע פיר אויף דעם שטיקל ביין... אַ שרייבער איז

דאָך ניט אַ קלאָוק־מאַכער וואָס וועט זיך טיילן מיט דער אַרבעט מיט אַן אַרבעטסלאָזן קאָלעגע. וואָס מער שרייבער עס וועלן זיין פאַרנומען, אַלץ ווינציקער וועט מען אָנזען דעם וואָס איז באַשעפטיקט...

אַ געדריקטע שטימונג האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם אַרום, קיינער האָט וועגן דעם ניט קאָמענטירט, די פראַגע טוט אַלעמען וויי, סיי די באַשעפטיקטע, סיי די אַרבעטסלאָזע און איך האָב געטראַכט:

— האָט יאָסל אין גערדאַנק אויך אַן אַנדער שרייבער, צי נאָר זיך אַליין? און ווען יאָסל וואָלט שוין געקראָגן אַ דזשאָב אין אַ צייטונג, וואָלט ער דאַן געוועזן צופרידן? וואָלט זיך דאַן איינגעשטילט זיין אייביקע אומרואיקייט? ווי לאַנג וואָלט ער געשטאַנען אויף אַ דזשאָב? מאָדנע, ווי אַ מענטש קען זיין גערעכט און אומגערעכט אין דער זעלביקער צייט; יאָסל איז דאָך גערעכט אין זיינע טענות וועגן די דזשאָבס, אָבער ניט גערעכט אין זיין אייגענער אויסגעהאַלטנקייט, עס איז ניט אין זיין נאַטור צו זיין צופרידן, צו קענען זיך אָפּשטעלן ביי וואָס ניט איז און זאָגן: מער וויל איך ניט! ווייטער גייען קען איך ניט! ווייל יאָסל איז ניט קיין סעזאָן־באַהעם, נאָר אַ נאַטירלעכער, ס'איז אין זיין בלוט און אין זיין גאַנצער אָביעקטיווקייט וועגן אַלץ און אַלעמען — איז ער אַזוי דורכאויס סוביעקטיוו.

פאַראַן שרייבער, דיכטער וואָס זיינען זייער פריינטלעך, אָבער נאָר אויף אַזויפיל וויפל אויפמערקזאַמקייט איר גיט זיי אויסצוהערן זייערס אַ ליד; פאַר אַ צווייטנס ליד האָבן זיי ווינציקער געדולד ווי פאַר אַ רעדע ביי אַ באַנקעט... יאָסל וועט אויסהערן אַ צווייטנס ליד; דאָס איז יאָסל; ער טיילט זיך מיט יענעם; דו הער מיך, און איך וועל דיך הערן.

יאָסל האָט זיך אויפגעשטעלט, ער איז שוין דאָ געזעסן צו־לאַנג, ער מוז ערגעץ גיין אַנדערשוואו. וואוהין? — פרעגט איך אים ניט, ער מיינט, אַז ער ווייסט וואוהין, אָבער דאָרט וועט ער אויך ניט געפינען וואָס ער זוכט; ווייל ער ווייסט ניט וואָס ער זוכט. דאָס שוין געפונענע מיינט שוין גאָרניט, און דאָס נייע, וואָס ער וועט געפינען, האָט נאָך ניט קיין באַשטימטן פּנים. יאָסל דעמאָנסטרירט דעם פּאַראַדאָקס פון אַ גרויסן רוסישן דיכטער:

— אין שטורעם ליגט די רו!

# יעקב מאַרינאָוו

אַ ווינטער־טאָג אין 1903. איך זיץ אין מיין קליין צימערל אין אַן ענגער גאַס אין דער ענגער שטאָט באָסטאָן. ערשט מען קלאַפּט אין טיר. אויף מיין רוף — קומט אַריין אַ הויכער טונקעלער יונגער־מאַן, וואָס האָט אויסגעפילט מיין קליין צימערל און ער שטעלט זיך פאַר מיר פאָר: — יעקב מאַרינאָוו, אַגענט פאַרן „פאָרווערטס". דאָס איז ער געקומען מאַכן אַבאָנענטן פאַר דער צייטונג, ווייל ער איך זאָל אים אַרויסהעלפן, גיין מיט אים באַזוכן באַקאַנטע און פריינד. מען האָט אים אין אַ יידישן בוך־געשעפט רעקאָמענדירט צו מיר אַז איך וועל אים זיכער אַרויסהעלפן, איז ער דאָס געקומען צו מיר.

ער האָט מער גאָרניט געדאַרפט זאָגן, ס'איז געווען גענוג דער נאָמען „פאָרווערטס", ווייל דאַן האָט דער „פאָרווערטס" סימבאָלי־זירט דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם און אַ שליח פון „פאָרווערטס" מיינט — העלפן אים מאַכן די רעוואָלוציע... טאַקע שוין, באַלד, מאָרגן! מיר זיינען דאָך געווען אַזוי זיכער אַז אָט־אָט קומט זי, די רעוואָלוציע און באַפרייט די מענטשהייט... און, אַ באַגייסטערטער בין איך אַוועק מיט מאַרינאָוון מאַכן... סובסקרייבער.

נו, דער „פאָרווערטס" האָט די רעוואָלוציע ניט געמאַכט, און ניט אויסגעלייזט די געפלאָגטע מענטשהייט פון אירע פלאָגן, אָבער פאַר גוטע פיר־צענדליק יאָר האָט יעקב מאַרינאָוו אָנגעפירט זיינע קאַמפן פאַר דער „געפלאָגטער מענטשהייט" פון יידיש־קולטורעלן פאָלק. אויב ער האָט ניט געקענט אויסלייזן די גאַנצע מענטשהייט פון אירע צרות, האָט ער געוואָלט אויסלייזן כאָטש אַ קליינעם טייל אין אַ קליינעם ווינקל פון יידישן פאָלק פון די פלאָגן און אָנשיקע־נישן. ניט אַלע קאַמפן האָט ער געוואונען, אָבער סימנים פון יענע קאַמפן געפינט מען נאָך היינט און אויך אַ סך פון יענע קעמפער וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אויף די באַריקאַדן פון „גרויסן קונדס" און געשאָסן מיט באָמבעס פון קונדס האָוויצערס און אָפט געטראָפן אין ציל... אַ סך פון יענע קריגער קעמפן נאָך היינט ביטער און

פאַרביסן קעגן אַלץ וואָס איז ווילד און שלעכט אין אונדזער וועלט, האָט יעקב מאַרינאָוו געהאַט מיט וואָס זיך איבערצונעמען; אויב ניט מיט דער גרויסער קונץ פון ווערן אַלט עטלעכע און אַכציק, וואָס ער איז היינט, ווען פופציק־יאָריקע זיינען יונגעלייט און זיבעציקער הייבן ערשט אָן צו לעבן, — קען מאַרינאָוו זיך איבערנעמען מיט דעם גרויסן אויפטו פון אויסשמידן און אויסשאַרפן די סאַטיריש־סאַרקאַס־טישע שווערדן און באַיאָנעטן וואָס זיינען געווען און זיינען נאָך היינט אַזוי נייטיק אין אונדזער ליטעראַריש־קולטורעלן פּלאָנטער.

פערזענלעך האָב איך געדאַרפט בלייבן מאַרינאָוון אַ שונא אויף מיין לעבן לאַנג, ווען מען דרוקט ניט אָפּ אין „קונדס" אַ פּאָר לידער מיינע, וואָלט דער פּאָעטישער אַפּעטיט אַזוי ניט צעשפּילט זיך ביי מיר... אמת, איך האָב שוין געהאַט אַ פּאָר רעדאַקטאָרן פאַר אים, נאָר דאָס זיינען געווען פּראָווינציאָנעלע רעדאַקטאָרן וואָס האָבן גע־דרוקט מיינע לידער ווייל — איך האָב געשריבן פאַר זיי זייערע עדיטאָריעלס... און גראָד האָבן די עדיטאָריעלס אויסגענומען מער ווי די לידער... אָבער ס'האָט זיך געוואָלט זיין אַ „לייט צווישן לייטן", ווערן אומשטערבלעך אויף אַן אמת... האָב איך זיך אָנגענו־מען מיט יינגלשער חוצפּה און אַוועקגעשיקט אַ פּאָר לידער צום „גרויסן קונדס". אַזוי ווי איך בין געווען אין דער פּראָווינץ, האָב איך פאַרן רעדאַקטאָר ניט געדאַרפט מורא האָבן. אָבער ס'האָט פּאַסירט דאָס סאַמע ניט־דערוואַרטעטע, מאַרינאָוו האָט אָפּגעדרוקט די לידער און איך בין געוואָרן אַ פּאַרטיקער... אָבער קיין שונא בין איך אים ניט פאַרבליבן, אפשר צוליב די שפּעטערדיקע דורות וואָס וועלן אָפּשאַצן מיינע לידער און דאַנקען מאַרינאָוון...

איך קוק אויף מאַרינאָוון מיט דער האַלטונג און פּאָזע פון אַ יונגנמאַן, אַ הויכער, אַ גלייכער מיט די יוגנטלעכע כוחות, דער שמיד מיט די אייזערנע הענט איז אים פאַרבליבן אויף דער עלטער, דער־הויפּט לאָזט זיך ניט גלויבן אַז מאַרינאָוו איז באמת אַלט, ווען מען זעט אים ביי אַלע באַנקעטן, אסיפות, פאַרזאַמלונגען און מער ווי אומעטום אין דער הסתדרות־באַוועגונג. זייער גרויס זיינען זיינע פאַרדינסטן פאַר דעם אַרבעטנדיקן ייד אין ישראל, יעקב מאַרינאָוו וועט פאַר מיר פאַרבלייבן אַ גוטער פריינד ווי אַ גוטער ייד.

# אַלעקסאַנדער בערקמאַן

דער קריזיס פון 1907־1908, האָט מיך געבראַכט פון באָסטאָן צוריק צו טאַטע־מאַמען אין ניו הייווען, קאָנ. אַ סך פון אונדזערע גע־נאָסן האָט דאַן פאַרלאָזן באָסטאָן און אַוועק זוכן עפּעס אַנדערש אין אַנדערע שטעט. איך האָב דאַן אויסגעפונען אַז ניט וועלן אַרבעטן פּרייוויליק, איז ניט נאָר אַ מצווה, נאָר פּשוט אַ מחיה... אָבער אַרויפ־געצוואונגענע אַרבעטסלאָזיקייט איז פּשוט סקאַנדאַליעז, עס דער־הרגעט יעדע גוטע שטימונג און זאָרגלאָזיקייט.

קומענדיק אין ניו הייווען אָנהייב אין 1909, בין איך אַוועק אַר־בעטן אין אַן אייזן־פאַבריק, וואו מיין ברודער האָט געאַרבעט. נאָך עטלעכע חדשים אַרבעט האָב איך איינגעזען, צוזאַמען מיט מיינע באַלעבאַטים, אַז איך מיט אַן אייזן־פאַבריק זיינען ניט קיין גליקלעכע פּאָר און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה קאָנפערענצן און באַראַטונגען צווישן דער משפּחה וואָס צו טאָן מיט מיר. ביז ס'איז באַשלאָסן גע־וואָרן: אַזוי ווי מיין שוואָגער אַרבעט פאַר דער „מעטראָפּאָליטאַן אינשורענס קאָמפּאַניע", זאָל ער מיך דאָרט אַריינגומען און מאַכן פאַר אַן אַגענט. מיר האָבן אַלע געוואוסט, מיך אַריינגערעכנט, אַז לאַנג וועל איך דאָרטן ניט זיין, דערהויפּט מיין טאַטע האָט סקעפּטיש געשאָקלט מיט קאָפּ: — פון אים וועט שוין קיין לייט ניט זיין. נאָר די מאַמע האָט אויף מיר געקוקט מיט אירע גוטע, קלוגע אויגן און ווי געבעטן זיך: ווייז זיי וואָס דו קענסט! און אין די אויגן איז געלעגן אי אַ וואונטש אי אַ האָפענונג. אפשר!...

איך האָב אָפּגעאַרבעט אַ חודש און, ס'האָט עפּעס פּאַסירט, עפּעס וואָס קיינער האָט ניט דערוואַרט. איך האָב ליב באַקומען מיין אַרבעט און זיך גוט אויסגעטויגט. דער פּאַרוואַלטער איז געווען איבערראַשט און צופרידן און מיינע פּאַרדינסטן האָבן גענומען שטייגן.

איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן סוף 1910. מיט צוויי יאָר שפּעטער,

אין 1912, רופט מיך איינמאָל דער פּאַרוואַלטער אַריין אין זיין פּריוואַטן אָפּיס. מיין האַרץ האָט געגעבן אַ טיאָכקע. ווען דער מענעדזשער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן אַן אַגענט, האָט ער זיך ניט צערעמאָניעט און געזאָגט אַז אַלע זאָלן הערן, ווען ער רופט אָבער אין זיין פּריוואַטן אָפּיס, איז שוין דער ענין אַן ערנסטער. איך בין אַריין צו אים אין אָפּיס.

דער פּאַרוואַלטער קוקט מיך אָן אַ ווײַלע און פרעגט:

— זאָג מיר, דו האָסט אַ ריינעם געוויסן?

איך האָב זיך אויף אַן אמת דערשראָקן. — מיין געוויסן איז ריין — זאָג איך — סיידן פּאַר עפּעס, וואָס איך האָב געטראַכט און ניט געטאָן.

ער שווייגט אַ ווײַלע און פרעגט ווידער:

— האָסטו ווען עס איז געהאַט עפּעס צו טאָן מיט דער פּאָליציי?

— איינמאָל — זאָג איך — ווען איך האָב פּרובירט פאַרקויפן אַ פּאָליסי צום פּאָליס-טשיף סמיט. אָבער ער האָט מיך ניט אַרעסטירט...

— דער טשיף האָט דאָ אָפּגערופן — זאָגט מיר דער פּאַרוואַלטער, — ער האָט געפרעגט אויף דיר, אפשר וויל ער איצטער נעמען די פּאָליסי? גיי צו צו אים.

דעם פּאַרוואַלטערס חכמה איז מיר ניט שטאַרק געפעלן, אָבער אַז דער טשיף רופט, דאַרף מען גיין און, איך בין אַוועק צו אים אין פּאָליציי-אָפּיס.

דער הויפּט פון דער פּאָליציי איז געזעסן ביי זיין טיש און אַנטקעגן אים איז געשטאַנען אַ מאַן, אַ הויכער, אַ טונקעלער, ניט ראַזירט און ניט זייער יום-טובדיק אָנגעטאָן, די קליידער ריינע אָבער שוין לאַנג ניט געפּרעסט, די העמד אָפן ביים האַלדז און קאָנטיק אַז די העמד האָט קיינמאָל ניט אָנגעזען קיין שניפּס... זיין אַטלעטישע פיגור איז געשטאַנען אַביסל אויסגעבויגן, זאָרגלאָז.

דער טשיף באַטראַכט מיך און פרעגט:

— קענסטו אים?

— ניין — זאָג איך — קיינמאָל ניט געזען.

— ער זאָגט אַז ער קען דיך.

— איך האָב ניט געזאָגט אַז איך קען אים, — רופט זיך אָן דער אומבאַקאַנטער — איך האָב געזאָגט אַז איך ווייס זיין נאָמען.

איך האָב אים ווידער אָנגעקוקט, אַביסל נאָנטער. ניין, איך קען אים ניט.

— מיין נאָמען איז בען רייטמאַן! — זאָגט ער צו מיר.

— בען רייטמאַן! — איך בין צו אים צוגעלאָפן מיט אַן אויס־געשטרעקטער האַנט, — בען רייטמאַן! ווער פון אונדז האָט עס ניט געהערט פון דעם באַרימטן בען רייטמאַן! דער שטענדיקער באַגלייטער, דער שאָטן פון עמאַ גאָלדמאַן! דער קעניג פון די טרעמפּס אין אַמעריקע, דער אַנאַרכיסט וואָס האָט אינספּירירט אַ היפּשע צאָל פון דער יוגנט!

איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן וואו איך בין, פאַר מיר איז גע־שטאַנען בען רייטמאַן!

דער טשיעף האָט ווידער גענומען רעדן; מער צו אים ווי צו מיר:

— דאָ אין ניו הייווען האָבן מיר אַנדערע געזעצן און מען מוז זיי אויספאָלגן. אַז מען וויל האָבן אַ לעקציע מוז מען נעמען אַ דערלויי־בעניש און מען טאָר ניט טיילן צירקולאַרן אין די גאַסן! און צו מיר ווענדט ער זיך:

— קומט צופאָרן אַהער אַ מענטש, נעמט אַ האָל פאַר אַ לעק־ציע, דרוקט אָפּ צירקולאַרן און טיילט זיי אין די גאַסן! דאָ איז ניט ניו־יאָרק!

הכלל, וואָס איז די מעשה? רייטמאַן איז געקומען אין ניו הייווען אַראַנזשירן אַ פּאָר לעקציעס פאַר עמאַ גאָלדמאַן. וועגן לאָקאַלע גע־זעצן האָט ער זיך ווינציק געקימערט, פּונקט ווי ער האָט זיך ווינציק געקימערט וועגן פעדעראַלע געזעצן. געקומען, גענומען אַ זאַל און צעטיילט די צירקולאַרן אַרום יעיל קאָלעדזש. ער האָט געוואוסט וואו מען קען קריגן דעם עולם פאַר עמאַס אַ לעקציע... נו, האָט זיך די פּאָליציי אַריינגעמישט און אים צוגענומען אין פּאָליציי־סטאַנציע, וואו רייטמאַן האָט אָנגעגעבן מיין נאָמען. איך, הייסט עס, דאַרף עס זיין דער גוט־זאָגער פאַר אים... מיין נאָמען האָט ער געהאַט פון עמאַן, ווען איך האָב נאָך געקענט פון באָסטאָן וואו איך האָב זי צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין 1904. איך האָב אויך אין ניו־הייווען, אין די יאָרן 1910־1912 פאַרקויפט איר חודשלעכן זשורנאַל „מאָטהער אוירטה״, זי פלעגט שיקן יעדן חודש צען נומערן און ס'איז געווען ניט שווער זיי צו פאַרקויפן.

וואָס־זשע האָט געוואָלט דער טשיעף? אַז רייטמאַן זאָל באַלד פאַרלאָזן ניו הייווען און מער זיין פּנים דאָרט ניט ווייזן!

— אָבער — האָב איך גענומען איינטענהן מיטן הויפּט פון דער פּאָליציי — ער האָט געהאַט אַ סך אויסגאַבן, באַצאָלט פאַרן זאַל, פאַר די צירקולאַרן און פאַר רייזע־קאָסטן. לאָז אים דורכפירן די לעקציע און איך וועל דיר גאַראַנטירן אַז ער וועט מער אַהער ניט קומען!

דער טשיעף האָט מיר נאָכגעגעבן, אָבער זיין צו־ווייכער טאָן האָט אין מיר געשאַפן אַ פאָרגעפיל אַז גאָר גלאַט וועט עס ניט אָפּגיין.

אויף מאָרגן אָוונט איז פאָרגעקומען די לעקציע, אָדער די לעקציע וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען. שוין אַרום זיבן אין אָוונט זיינען אַרום זאַל געווען פאַרזאַמלט צענדליקער מענטשן, דערהויפּט די סטודענטן פון יעיל אוניווערסיטעט. אַרום 8 אַזייגער זיינען שוין געווען אַרום זאַל הונדערטער און שפּעטער אַ ווייל — טויזנטער מענטשן. די גאַסן אַרום זיינען געווען געפּאַקט מיט מענטשן, נאָר ביים זאַל זיינען געשטאַנען צענדליקער פּאָליציילייט, געמאַכט אַ מין וואַנט ביים אַריינגאַנג און אַחוץ עמאַן האָבן זיי קיינעם ניט געלאָזט אַריינ־גיין אין זאַל.

אַ זייגער צען זיינען עמאַ און רייטמאַן אַרויסגעקומען פון זאַל. סיי די פּאָליציי סיי דער עולם האָט פאַר זיי געמאַכט אַ וועג און זיי זיינען אַוועק צום האָטעל.

דער עולם אָבער איז זיך ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען, נאָר געגאַנגען נאָך עמאַן און רייטמאַנען. אַזאַ דעמאָנסטראַציע קען מען זען אין ניו הייווען בלויז ביי דער „פוט באָל געים" פון יעיל קאָלעדזש, אַלץ איז אָבער אָפּגעגאַנגען שטיל און רואיק.

אַ פיר וואָכן שפּעטער קריג איך אַ בריוו פון עמאַן. זי האָט ניט אויפגעגעבן דעם געדאַנק פון האַלטן די לעקציעס אין ניו הייווען. זי וועט קומען נאָך אַמאָל, אָבער דאָס מאָל וויל זי ניט האָבן די דער־פאַרונג פון פריער. זי וויל אַז איך זאָל איר אַרויסהעלפן. מיט וואָס? נעמען אַ זאַל און באַזאָרגן אַ דערלויבעניש.

איך בין אַוועק מיט עמאַס בריוו צו דר. מאַנדעל, דאַן אַן אינ־סטרוקטאָר פון רוסיש אין יעיל אוניווערסיטעט. דר. מאַנדעל האָט אויך איבערגעזעצט עטלעכע ווערק פאַר דער „פרייע אַרבעטער שטימע" ווי איבסענס „נאָראַ", טשעכאָווס „קאַרשן גאָרטן" און אַ פּאָר אַנדער זאַכן. מאַנדעל האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס פון אַ דייטש,

אַ געננאָסע אונדזערער. איך בין אַוועק צו אים. די דייטשן האָבן געהאַט אַ זאַל וואָס האָט אַריינגענומען אַ פיר הונדערט מענטשן. זיי האָבן דאָרט געהאַט זייער קלוב און „ביר־האַלע”, די גרויסע מעלה איז געווען, וואָס דער זאַל איז געווען אין צענטער פון שטאָט. דער דייטשער חבר האָט געקראָגן דעם זאַל פאַר דער לעקציע, די דערלויבעניש איז נאַטירלעך גענומען געוואָרן און די לעקציע אַראַנזשירט.

דאָס מאָל איז אָבער עמאַ ניט געקומען מיט בען רייטמאַן, נאָר מיט אַלעקסאַנדער בערקמאַן.

איך האָב זיי באַגעגענט אין האָטעל. עמאַ האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר בערקמאַנען. ער האָט מיר אויסגעשטרעקט זיין האַנט און, איך בין געשטאַנען אַ פאַרכישופטער, ניט געוואַגט צו גיין נענטער. אָט דאָס איז אַלעקסאַנדער בערקמאַן! אונדזער לעגענדאַרישער העלד, מאַרטירער פאַר אונדזער אידעאַל! דער אומדערמידלעכער קעמפער פאַר דאָס גערעכטע און שענערע אין דער וועלט, צאָלנדיק מיט זיין בלוט און פרייהייט פאַר דעם אידעאַל! און אָט שטיי איך פאַר אים און פיל ווי פאַלן פאַר אים אויף די קני, קושן זיינע הענט, מיינע אויגן זיינען פול און איך קען ניט רעדן. בערקמאַן האָט מיך פאַר־שטאַנען און איז אויך געוואָרן גערירט פון מיין נאַאיווער באַגייסטע־רונג. ער האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט און זי וואַרעם גע־דריקט. ווען איך בין געקומען צו זיך און געקענט רעדן, האָט ער געוואָלט וויסן אַלץ וועגן ניו הייווען. די שטאָט אַליין איז אים ניט געווען אומבאַקאַנט, ער האָט אָבער געוואָלט וויסן אונדזער לעבן דאָ, די טעטיקייטן, צי האָבן מיר דאָ אַ באַוועגונג?

איך האָב אים דערציילט וועגן אונדזערע ליטעראַרישע טעטי־קייטן. קיין אַנאַרכיסטישע באַוועגונג איז דאָ ניטאָ האָב איך אים דערקלערט. אַמאָל האָבן די דייטשישע געננאָסן געהאַט אַ באַוועגונג, אָבער שוין לאַנג ווי זיי זיינען ניט אַקטיוו. קיין יידישע געננאָסן האָבן מיר דאָ ניט חוץ אַ צאָל סימפּאַטיקער און אונטערשטיצער פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע”. מיר לייענען און דיסקוטירן די אַרטיקלען פון דער „פרייע געזעלשאַפט”, אויף אַזוי ווייט גייט אונדזער אָנגע־העריקייט.

אין אָוונט צו דער לעקציע, זיינען געקומען מער מענטשן ווי דער זאַל האָט געקענט אַריינגעמען. די מערסטע זיינען געווען סטודענטן

פון יעיל, אָבער גאָר אַ גרויסע צאָל איז באַשטאַנען פון פּאָליציי און דעטעקטיווס. גערעדט האָט בערקמאַן, עמאַ איז געווען די פּאָרזיצערין. איז זאַל איז געווען אַזוי שטיל אַז מער ווי דאָס אָטעמען פון מענטשן האָט מען ניט געהערט. איך געדענק ניט די טעמע, אָבער ווען בערק־מאַן האָט געענדיקט, איז געווען אַזאַ אַפּלאָז, שיער ניט אַ דעמאָנ־סטראַציע, אָבער אַלץ איז אַריבער בשלום, די פּאָליציי האָט זיך נעבעך אומזיסט מטריח געווען.

איך האָב זיי באַגלייט צום האָטעל. גייענדיק, פרעגט מיך בערק־מאַן צי האָב איך ניט מורא פאַר קאָנסעקווענצן, צי שטעל איך ניט איין צופיל?

— דו האָסט מער איינגעשטעלט ווי איך — זאָג איך אים — איך קען בלויז איינשטעלן מיין פּאָסטן, אָבער ניט מיין פרייהייט. איי די פאַמיליע? ווייב און קינדער? נו, דאָס איז דאָך אַ טייל פון דעם קאַמף, אויב עס דאַרפן זיין קרבנות, וועלן זיין קרבנות!

ביים געזעגענען זיך, האָט מיר בערקמאַן געגעבן זיין בוך „גע־פענקעניש, זכרונות פון אַן אַנאַרכיסט", דערשינען אין 1911, מיט זיין אונטערשריפט: „טו ד. קריוויצקי. פאָר עי וואָרלד וויטהאַוט קראַים ענד פּריזאָנס". („פאַר ד. קריוויצקי. פאַר אַ וועלט אָן פאַרברעכן און געפענקענישן". אַלעקסאַנדער בערקמאַן.

איך האָב דאָס בוך נאָך היינט און עס איז פּונקט אַזוי ניי ווי אין 1911. איך האָב די אַלע יאָרן געהיט דאָס בוך ווי די אויגן אין קאָפּ.

איך האָב אין מיין לעבן באַגעגנט אַ סך באַרימטע פּערזענלעכ־קייטן, גרויסע קעמפער, ווי יאָהאַן מאָסט, דזשאָן טוירנער, עמאַ גאָלדמאַן און אַ סך אַנדערע יידישע קעמפער און אידעאַליסטן, אויך גרויסע שרייבער, קולטור־טוער, גרויסע קינסטלער, אָבער קיינער האָט מיך אַזוי ניט באַווירקט, אַזוי פאַרכישופט ווי אַלעקסאַנדער בערקמאַן. ווי גוט עס איז צו זאָגן: איך האָב פּערזענלעך געקענט אַלעקסאַנדער בערקמאַן.

ווען אַהער איז אָנגעקומען די טרויעריקע נייעס אַז אַלעקסאַנדער בערקמאַן איז געשטאָרבן אין פּאַריז, האָב איך אָנגעשריבן אָט דאָס ליד וואָס איך גיב דאָ איבער, פאַר מיר איז דאָס ליד דער בעסטער אויסדרוק דערפון וואָס איך האָב דערפילט פאַר אָט דעם גרויסן פרייהייט־קעמפער.

## אַלעקסאַנדער בערקמאַן

ווער זאָגט אַז בערקמאַן איז געשטאָרבן?
ווער-זאָגט אַז בערקמאַן איז ניטאָ?
עס איז ניט טויט אַ פרייהייט־קרבן,
זיין האַרץ, זיין גייסט איז מיט אונדז דאָ.

זיין וואָרט וואָס האָט די וועלט געצונדן,
זיין מוט וואָס האָט געלאַכט פון שרעק,
דאָס בלוט פון זיינע טיפע וואונדן,
זיי וועלן פריי מאַכן דעם וועג.

פאַר די וואָס וועלן שפּעטער קומען
און לעבן פריי, און לעבן שיין,
זיין דערנער־וועג — דאָרט וועלן בלומען
אַרויסוואַקסן — פאַר אים אַ קרוין.

אָט דער וואָס גיט אָפּ זיינע פריידן
פאַר יענעמס נויט, פאַר יענעמס פּיין,
אָט דער וואָס שטאַרבט פאַר יענעמס ליידן,
וועט קיינמאָל טויט פאַר אונדז ניט זיין.

דאָס פייער וואָס ער האָט געטראָגן
ביי זיך אין האַרצן גליט און ברענט,
אַ שטורעם האָט דעם פלאַם פאַרטראָגן
צו אייביקייט — זיין מאָנומענט.

# אָנשטאָט אַ פאָרוואָרט

איך וויל אין די עטלעכע שורות אויסדריקן מיין טיפן און האַר־ציקן דאַנק צו עטלעכע מענטשן וואָס האָבן געמאַכט מעגלעך דאָס בוך זאָל דערשיינען.

צום אַלעם ערשט — די צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונג פון די אַרבעטער־רינג־שולן וואָס האָט איינשטימיק אָנגענומען דעם פאָר־שלאַג פון איר עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר, יאָסל מלאָטעק, אַרויסצוגעבן מיין בוך; צו זלמן יעפּרויקין און נחום כאַנין; מיינע גוטע פריינט די שול־טוער אילײ סטאָן און ישראל און גיטל ציטרין; דער ליבער מרים דאום און מיין יוגנט־חבר מאָריס קאָהען פון אָהייאָ. אַ דאַנק זייער מאָראַלער און פינאַנציעלער הילף, איז געוואָרן מעגלעך אַרויס־צוגעבן דאָס בוך.

איך וויל דאָ אויך דאַנקען מיינע חברים־קאָלעגן פאַר זייערע זאַכלעכע אָנווייזונגען סיי אין די לידער, סיי אין די אימפּרעסיעס: יאָסל מלאָטעק, מאיר זיסל טקאַטש און נח סינגאַלאָווסקי. זייערע אָנווייזונגען האָבן פיל אַרויסגעהאָלפן דאָס בוך זאָל אַרויסקומען ריין פון גרייזן סיי ליטעראַרישע, סיי טעכנישע (אויף וויפל ס'איז מעגלעך אויסצומיידן גרייזן). מיינע פריינד האָבן צו מיין עלטער מיר צוגעטראָגן אַ מתנה. איך האָף אַז דאָס וועט זיי ניט פאַרדריסן.

אַ וואָרט וועגן די אימפּרעסיעס:

יעדער איינער פון די 12 שרייבער וועגן וועמען איך רייד אין מיין בוך, איז מיר ליב און איך האָב פאַר זיי געהאַט און האָב דעם גרעסטן דרך ארץ. איך פיל אָבער פאַר נייטיק צו דערמאָנען אַז אַן אימפּרעסיע, אַן איינדרוק, איז ניט קיין ליטעראַרישע אָפּשאַצונג. דאָ האָב איך נאָר איבערגעגעבן דעם איינדרוק, וואָס חברים שריי־בער האָבן געמאַכט אין אַ געוויסן מאָמענט בעת מיינע באַגעגענישן מיט זיי. אַן איינדרוק קען אַמאָל זיין אַן אויבנאויפיקער און נישט תמיד פאַרטיפט ווי יעדער פון די שרייבער איז עס ווערט. דאָס לאָז איך איבער פאַר דעם ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס איך פּרעטענדיר ניט צו זיין.

נאָך אַמאָל: מיין האַרציקן דאַנק אַלע פריינד פאַר דער גרויסער און שיינער מתנה וואָס זיי האָבן מיר צוגעטראָגן צו מיין 75טן גע־בוירן־טאָג.

**דוד קריוויצקי**

And people falling, wobbling, falling on each other,
Wild thunder crackling, enveloping valleys, hills;
Earth sinking under mountains of the piling dead,
Heaven's unrelaxing tempest flame and fire hurling.

Homes burning, falling, in tumult disappearing,
And mothers wandering, dead children in their arms;
Foe advancing, chasing, engulfing us with fear,
There is no place to flee, no place to hide from flames.

There is no escaping, no hiding, no shelter,
Here young life gasping, there cruel death awaiting all;
Myriad-eyed death in every crevice lurking,
Last vestiges of life greedily consuming.

Hey, soldier boy! Have you a father, a mother?
Have you a brother, sister clinging to the hope
Of seeing you alive, well, active in their midst?
Lie still! I hear hurrahs! Something must have
happend . . .

Ah, grand victory! Then why the sudden silence?
Hey, why have you grown mute? You have a gun, go shoot!
No! No! Don't shoot! Don't shoot! We are the losers both;
Don't you see? Lame I lie here, a friend at your feet!

Hey, there! I'm waiting to go forth with you and yours.
What engulfing darkness! What noises do I hear?
Your father, mother, kinfolk so like my very own . . .
Unfortunates . . . Don't run, my friend, don't flee, I come!

My head! My head! And silently remaining there
The great triumphant victor of blood-wasting war.
He will kill no more, he will hate nor love no more,
Having won this wonderful victory of his.

Behold this vision, tangled mass, before mind's eye!
All about me strange, yet everything familiar;
A peaceful streamlet, I recall, flowed hereabout,
And farther, a brightly painted wall towering.

And there, in this same peaceful park, between the aisles,
Little children used to frolic, play for days on end . . .
My head! My aching head is racked with splitting pain!
Don't stab! Don't charge that bayonet! Here's my friendly
hand!

Why should we two stab each other? We are brothers!
Because our speech is different, must we be enemies?
Identically formed, our blood and flesh the same:
Then let us now in friendship clasp each other's hand.

Whom am I addressing? A tangled mass I see,
A burning deluge unending flames discharging;
A choking odor grips my throat, a smothering scent,
And soldiers fleeing, falling, rising up again.

And people grown wild, sanguine and insanity;
A horrifying chuckle tears the vicious night,
Over bodies, scattered corpses, madness rolling:
Who brings appalling images of death tonight?

My head! My aching head! What sudden stillness this?
Begone! Begone! I have lost all strength for running;
My bayonet lies buried in your flesh forlorn:
Lie still! Don't scream! Why are you crawling toward me?

Bring back the cannons, shrapnels, instruments of war,
Let heaven's thunder come exploding all the earth;
Retreat! Retreat! Grenades are bursting everywhere,
The foe approaching us with sword and hellish fire!

# THE VICTOR

By *D. KREVITSKY*

In a city park surrounded by Autumn hues,
A huddled man on a bench lies crouching, shriveled.
The man from war returning, seeming unharmed,
But bringing gory images of death.

Glazed eyes glaring as through darkened glass toward
heaven,
Lips muttering inaudibly in darkling night,
Emitting sighs of pain in his spectral slumber,
His panting voice tragically chuckling, crying:—
Why is it so peaceful here? Where have they fled to?
Why don't we hear the booming of the cannons, guns?
Why don't we see the enemy? Where, where is he?
Why don't we hear the whining, groaning of grenades?

Somewhere in my brain a moaning ululation,
I can no longer bear surrounding stillness, God!
My brain whirling with pestilent flies and crickets,
Intolerant to sounding footsteps, falling leaves.

Brain enflamed, my head is filled with milling noises:
Why have I been abandoned lying here alone?
Dreadful the night, the cloudy sky, the evil winds,
Creeping darkness plagues me with its ceaseless whining.

My head! I can no longer bear wretched stillness!
Why don't we see how, from dugouts and barbed wires,
Hands and legs, lost limbs protrude, mud-soaked,
drenched with blood?
Observe truncted bodies, trampled and forsaken,
Observe the vicious dance of death before your eyes!

Inspired lonely hearts to sing.
They now fire the soul no longer,
Heart and spirit lie estranged.
Color, tone, and word are mourning
For those hands to clay have changed.

HANDS! . . .

8.

HANDS!

From a void a world created,
Moulded it since dawn of day,
Larded it with blood-bought treasures,
That the world may sing and play.
Hands! What legacy is left you.
World! on whom you've seared your
name.
Legacy: to beg from begger,
Beg in hate and bitter shame.

HANDS!

Fettered in a hunger chain,
Cramped in grip of want and pain,
Palsied, lifeless hang.

5.

HANDS!

Hands in molten hell that blistered,
Steel to forge from liquid fire,
For the aeroplanes and bridges,
For the pyramids and spires,
For the speeding locomotives,
For the Titans of the sea,
Brushed aside are they, not wanted,
Now for alms they stretch and plea.

HANDS! . . .

6.

HANDS!

They once plowed and forests leveled,
Harnessed winds and blasted rocks,
Mountains tore and rent asunder
Rivers steered and caged in locks.
Oceans they have cleaved and chartered,
And their beds have raised on high
Death retarded, lightning bridled,
Somewhere midst some waste they lie.

HANDS! . . .

7.

HANDS!

Hands that soothed and bewitched all,
Through the key, the flute, the string,
Through the pen, the brush, the chisel,

Dig for bread in waste and drain,
Rags to cover naked bodies,
Bread to still the hunger pain.

HANDS! . . .

3.

HANDS!

Saw and hamer are no longer,
Moved and wielded by the hand,
Shears and iron, they no longer
Cut and clatter through the hand.
Steel machines, they are no longer
Steered and guided by the hand.
Paralyzing deadly torpor
Slowly creep into the hand.

HANDS! . . .

4.

HANDS!

Hands once deep into the bowels
Of the earth have dug and torn,
For the Barons, gold they wrested;
For themselves, but want and scorn.
Diamonds black from earth they lifted,
To protect the world from cold.
Hands! Who wants them? Hands!
Who needs them?
On each other now they fold.

HANDS! . . .

## HANDS!

By *DAVID KREVITSKY*

*Translated from the Yiddish by Dr. Zelly A. Bonoff*

1.

HANDS!

Fettered in a hunger chain,
Cramped in grip of want and pain,
Palsied, lifeless hang.

HANDS!

Placards on the walls no longer
Carry legends as of old,
Calling to the strong and stronger:
"Hands are wanted!" "Hands behold"
Hands are needless, sought no longer
Roaring Steel machines to guide,
Emptiness and deadly silence,
Reign in factories, side by side.

HANDS! . . .

2.

HANDS!

Hands once spun the finest fabrics,
Sewed, and built, and mined, and forged,
Hammered, moulded, and got ready
Stores of treasures. Now those hands
Dig for rags in dumps and ashes,

and lash the heavens.
God will hide His face . . .
Death will run for cover
in awsome terror
behind the crumbled mountains . . .

On the morrow.

Translated by *Samuel Kreiter*

## ON THE MORROW

By *D. KRIVITSKY*

On the morrow the world and I
will be no more . . .
Vast desolation will bury us both.
The sky will stare in stunned disbelief
at the gruesome scene.

The sun will shine as ever
and warm the shattered cliffs.
The winds will weep
as they never wailed before
at the end of the world and me.

Mathematicians, astronomers, physicists,
Chemists and technicians
and all the leaders of the world
together with me
will lie mangled
their limbs scattered
in the dust of their own design . . .
They searched for the source of creation
and found destruction.
Science, hallowed wondrous science,
raced ahead of death! . . .

Birds will no longer sing.
flowers will no longer bloom,
grass will no longer grow
trees will no longer spread foliage.
From the bottom of chaos
Asmodeus' laughter will thunder forth

There is beauty—
In one's might of rising higher,
  Than desires that sear and burn,
When of self one keeps on giving,
  Weighing not, nor seeks return.

There is beauty—
Beauty's here in great profusion,
  And within you lies the key,
Come there must but understanding,
  One must feel and one must see.

## BEAUTY

By *DAVID KREVITSKY*

*Translated from the Yiddish by Dr. Zelly A. Bonoff*

There is beauty—
Beauty everywhere lies hidden,
  Locked in what we feel and see,
And to him unfolds when bidden,
  Him who knows and holds the key.

There is beauty—
In the dawn when life is calling,
  When the shadows day enfold.
In the leaves when gently falling,
  When the green is turning gold.

There is beauty—
In the skyward reaching mountains,
  In the valleys velvet green,
In the whirling rushing rivers,
  In the starry dome serene.

There is beauty—
In the seeking though not finding,
  Hope that ever fate defied,
In the dreams that keep reminding

  Us, of other dreams that died.

There is beauty—
In illusions, still believing
  In a life that sears your soul,
In that life that failed in giving,
  And of you wrung so much toll.

## WHAT IS A POEM?

What is a song? Reverie in sadness woven,
Envisioned gladness crystallized in song;
The dark of night at dawn disappearing,
Cradling in despair dreams for which you long.

What is a song? Words polished and refined,
Encased in lines poetically framed;
The restless heart aquiver, storm brewing,
Running gamut of inner fires enflamed.

For poets cannot escape restless feeling,
Nor extinguish living flames that flourish
Bright as stakeposts, conflagration flaring:
The honey-poison blending fires to nourish.

What is a song? Commingled pain and scorn,
Primeval wellspring or poetic light;
Wail and laughter, or cry of one just born,
Bound to heaven and earth, to day and night.

What is a song? A glowing spark in flames,
Entwining words with music's metric air;
Interwoven lyric cycles, the words and sounds
Combining into song . . . Then why despair?

(*Translated from the Yiddish of David Krevitsky*)

— *Aaron Schmuller*

## אימפּרעסיעס



## ענגלישע לידער

# אינהאַלט:

## לידער

זייט